Halkin, Sh.
Bar-Kokhba :
dramatisher poeme.
Moskve, 1939.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2005-1899.20

Halkin, Sh.
Bar-Kokhba : dramatisher poeme,
Moskve : Emes, 1939.
126 p. ; 22 cm.

1. Bar Kokhba, d. 135--Drama. 2. Yiddish drama.--lcsh
I. Russia (Federation)-Moscow

ID : NXYH03-B4325 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL #: /51095

Reduction ratio X 10.0

ש. האלקין

# באר־קאָכבא

דראמאטישע פּאָעמע



מעלוכע־פארלאג „דער עמעס״
מאָסקווע 1939

# אַנטײלנעמער

**שימאָן באַר־קאָכבאַ** — אַלט א יאָר פינפ און צוואנציק, פון פויערים.
**עלִיעזער האַמוידאַי** — אַן אַלטער רעליגיעזער געלערנטער,
דער אָנגעזעענסטער מאַן אין שטאָט.
**אַקיבאַ** — א זאָקן, פון פויערים; איינער פון די גרונטלייגער פון טאַלמוד.
**ראָכל** — זײַן פרוי.
**מענאַשע** — א רײַכער סוחר און אַן אָנהענגער פון רוים.
**יוסי** — א יונגער געלערנטער, פון דער אַריסטאָקראַטיע.
עלִיעזער האַמוידאַיס טאַלמיד.
**עלישאַ** — א שמיד, מײַסטער און אויפזעער אין שמידערײַ.
**יעהושואַ** — א שמיד און אויך א געלערנטער, אַקיבאַס טאַלמיד.
**הילעל** — א ווײַנגערטנער.
**אוזיעל** — א טעפּער.
**נאַכמאָני** — זײַן זון. אַלט עלפ יאָר.
**פּנינאַ** — עלִיעזער האַמוידאַיס טאָכטער. באַר־קאָכבאַס געליבטע.
**ברוריאַ** — פּנינעס כאַווערטע.
**קוסי** — א יונגער שוימרוינער.
**טורנוס־רופוס** — דער שטאַטהאַלטער פון רוים אין יעהודאַ.
**סעווערוס** — א רוימישער גענעראַל, געקומען פון בריטאַניע.
**אַנטאָניוס** — א יונגער רוימישער ריטער.
**לוציוס** — טורנוס־רופוס׳ אייצעגעבער.
**רופינאַ** — טורנוס־רופוס׳ פרוי.
**א יונגע פרוי** — א זינגערין אין טורנוס־רופוס׳ הויז.
**זאַגיר** — א גריכן, א שקלאַפ בא רופוס׳ פרוי.
**א יידישער פויער.**
**א סירישער פויער.**
**טיבולוס** — א פּראָווינציעלער רוימישער פּאָעט.
**יידישער קריגסמאַן.**

זקיינים, קינדער, שמידן, שלאַכטלײַט, יידן און רוימער. די האַנדלונג קומט פאָר צווישן 132—135 יאָר פון אונדזער צײַט־ציילונג.

---

# ערשטער אקט

## דאָס ערשטע בילד

א פלאַץ ניט ווײַט פון עליִעזער האמוידאָיס הויז. אפן פלאַץ — באר־קאָכבא, פנינא, עטלעכע דיסקן־וואַרפער.

### הילעל.

פלי, מײַן דיסק, פלי העכער, ווײַטער,
פלי, דערווײַל א שווערד פארבײַט מיר.

### באר־קאָכבא.

ניט נאָר מיט דער שווערד זיך שלאָגן,
אויך אין דעם זיי איבעריאָגן!

### אלע.

היט זיך, רוים!

(באר־קאָכבא ווארפט דעם דיסק. פון א זײַט קומט אָן: עליִעזער האמוידאָי און לוציוס. קיינער באמערקט זיי ניט.)

### עליִעזער.

דײַן קראַפט, באר־קאָכבא, וואָלט זיך גוט געפאסט
פאר טוירע לערנען... (פנינען.) טאָכטער, ס'ארא גאסט
בא אונדז, סענאטאָר לוציוס.

(פנינא פארנייגט זיך פארן פאָטער, נאָכדעם — פאר לוציוסן.)

**לוציוס.**

א, באר־קאָכבא — וויל!

מע זאָגט, אז פייַער ווארפסטו פונעם מויל,
אז שטיינער כאפסטו פונעם בארג, — קעדיי
אויך אונדז זאָלסטו וויַיזן, — רוים זאָל זייַן דערבייַ!

**באר־קאָכבא.**

אויב זעען, ווי איך ווארף, דיר ווילט זיך שטארק, —
איז פריִער קריך און ווארף דעם שטיין פון בארג.

**לוציוס.**

ביסט דרייסט! ביסט אָבער פרעך, דו רעדסט צו שארף.

**באר־קאָכבא.**

ניט נאָר איך כאפ דעם שטיין, דעם שטיין איך ווארף
צוריק אין דעם, וואָס האָט אין מיר געצילט...
דערלויבט פארלאָזן אייַך...

**לוציוס.**

די פרייַנט דייַנע באגלייט,
און קום אליין צוריק.

**באר־קאָכבא** (איבערטרייבן העפלעך).

דערלויב אונדז זאלבעצווייט.

(באר־קאָכבא באווייַזט אף פנינען.)

(באר־קאָכבא און זייַנע כאווירים אָפּ.)

**לוציוס.**

דער יונג איז ניט נאָר שטארק, דער יונג איז ווילד.
ס'וואָלט ניט געשטערט אים האלטן אין א צוים.
און עפשער אָפּשיקן אים גאָר קיין רוים?..

**עליִעזער.**

מיר וואָלטן ווייניק־וואָס פון דעם פארלירן...
ווייַל ער איז ניט פון די, מיט וועלכע מיר שטאָלצירן.



**לוציוס.**

גראָד צוליב אים כ'בין הייַנט אין שטוב בא דיר.
מע זאָגט, דייַן טאָכטער גיסטו פאר אים אָפּ.
מיר דאכט, דו קריכסט מיט א געזונטן קאָפּ
אין קראנקן בעט; ס'איז עפשער נאָך ניט שפעט.
צי ווייסטו כאָטש, אז קעגן רוים ער רעדט
און אז מיט רייד האָט ער זיך ניט באנוגנט.
ער פירט אראָפּ פון וועג די גאנצע יוגנט,
אויך עלטערע א סאך צעווישן אייַך.
דו ביסט דער עלטסטער דאָ — איז ענטפער גלייַך,
נאָר עפשער קעגן מיר, ווי ער, דו ביסט?!

**עליִעזער.**

מייַן גוטער האר, באשולדיקסט מיך אומזיסט.
ווען ס'איז מייַן טאָכטער אלט געווען א יאָר
און אָט דער יונג א ביסל עלטער נאָר, —
זיי זייַנען שוין געוועזן א באשערטע פאָר:
האָב איך געקאָנט דען וויסן דאן פאָרויס;
(עס קומט אריַין פנינא.)

אז יענער, ווען ער מען כ'נעם אריַין צו זיך אין הויז,
וועט אופשטיין קעגן מיר. איך זאָג:
אין צאָל פון טעג זאָל ניט אריַין דער טאָג,
ווען כ'האָב פארבונדן זי מיט אים, מיט פרייד
איך וואָלט זיי איצט צעשיידט!

(פנינא פארנייגט זיך פארן פאָטער.)

**פנינא.**

צעשיידן אונדז עס וועט ניט קאָנען קיינער,
צעשיידן אונדז — עס קאָן דער טויט אליין נאָר.

**לוציוס.**

דו האָסט אים ליב — ער איז דייַן ליבע ווערט.
(עס קומט אָן באר־קאָכבא.)

יאָ, זאָג מיר, דרייסטער יונג, האָסטו געהערט
פון אייַער יאָסעפ פלאוויוסן — אין זייַנע ווערק,

וואָס זײַנען שטאַרק בא אונדז אין רוים פאַרשפּרייט געוואָרן...
דערציילט ער פון א ייִדן איינעם באַר־גיאָרא*,
וואָס האָט אזוי ווי דו געפּרווּט...

באַר־קאָכבא.

כ׳וואָלט דעם פאַרעטער יאָסעפֿ פלאַוויוסן געקרייצט:
מיט ליגנס וועגן אונדז ער האָט גאַנץ רוים פאַרפּלייצט.
ער האָט זײַן בוך אין רוים און צוליב רוים געשריבן —
פאַר אונדז איז ער — א רוימער, און פאַר רוים — א ייִד געבליבן...
א קינד אין גאַס פּרוּווט פרעגן — באַר־גיאָראַס נאָמען קאָן...

לוציוס.

ווו ער האָט ענדיקן געמוזט — דאָרט הייבסטו אָן?

באַר־קאָכבא.

ניט שטענדיק, ווו עס ענדיקט זיך, — דאָרט איז דער סאָף.

לוציוס.

איר זײַט מער קלוג, ווי שטאַרק, און איך פאַרהאָף,
אז דו פאַרשטייסט, אז האָבן וועסט דעם זעלבן סאָף.

באַר־קאָכבא.

דערפאַר איז אָבער רוים מער שטאַרק, ווי קלוג,
אָפּ אײַנברעכן א פאָלק איז עפּשער דאָס גענוג,
נאָר אָט, אָפּ אײַנהאַלטן דאָס פאָלק אין האַנט
אכוץ דער קראַפט איז נייטיק נאָך פאַרשטאַנד...

עליִעזער.

איך האָב געוואָרנט דיך, געשטראָפט, געטריבן,
און דו ביסט נאָך ביז הײַנט בא דײַנס געבליבן.
מיט גאָט, וואָס הייליק איז, כ׳וועל דיך באַשווערן,
זאָלסט אָפּן וועג אהער זיך מער ניט קערן.
מײַן קינד צו דיר וועט ניט געהערן...

* א העלדישער פירער אינעם אויפשטאַנד פון די ייִדן קעגן די רוימער ארום דעם יאָר 70 פון אונדזער ערא.



פנינא.

פון שטוב, פון שטאָט, פון לאַנד קאָנסט אים פאַרטרײַבן,
בא מיר אין הארצן וועט ער סײַוויסײַ פאַרבלײַבן.

עליִעזער.

זײַ שטיל, מײַן קינד, דו זינדיקסט מיט די רייד!

באַר־קאָכבא (פאַר זיך).

געבענטשט זאָלסט, פנינא, זײַן פאַר אָט דער פרייד!

לוציוס.

כ׳וויל וואָר׳נען זי, אז לאַנג וועט ער ניט ריידן,
אז אָט דאָס ריידן וועט זיי זייער גיך צעשיידן.
איך מוז שוין גיין...

עליִעזער.

און איך וועל דיך באַגלייטן.

(אָפּ.)

באַר־קאָכבא (שרײַט אויס צו די כאַווײרים).

צוריק איר קאָנט שוין קומען.

(צו פנינען.)

ס׳וואָלט אזוי ניט וויי טאָן,
דער אַלטער עליִעזער זעט דאָך אָבער גוט,
ווי גאָר דאָס פאָלק באַוואַשט זיך איצט מיט בלוט,
און ער בייגט אײַן דעם קאָפּ און קושט די רוט.

פנינא (פאַרלאָרן).

און עפּשער פאָרט עס ווייסט דער פאָטער, וואָס ער טוט?

באַר־קאָכבא.

כ׳האָב, פנינא, ליב דיך, ווי די זונען־שײַן!
נאָר אָט די רייד, זיי קאָנען אָפּ דער זון א וואָלקן זײַן.

(עליִעזער קערט זיך אום.)

עלִיעזער.

פון הײַנט — דער װעג צעװישן אײַך זאָל װערן קרום.
אין פּאָטערס הױז אלײן, מײַן טאָכטער, קער זיך אום.

(עליִעזער מיט פנינען גײען אװעק. עס קומען אָן בּאר־קאָכבאס כאװײרים.)

הילעל.

נאָך װאָס איז אָט דער לוציִוס איצט אהער געקומען?
האָסט אין די אױגן זײַנע זיכער אױסגענומען...

בּאר-קאָכבא.

נאָך װאָס ער איז געקומען װײס איך ניט,
צי האָב איך אױסגענומען — ארט מיך ניט,
מיט װאָס ער איז אװעק — דאָס װײס איך גראָד.
איך מוז פארלאָזן גלײַך די שטאָט.
אױך אײַך איך אײצע — פאָרזיכטיקער זײַן.
קײן רעגע זיך ניט זאמען אף מײַן רוף,
און דאָס װעט זײַן דער פּרוּװ!

אלע

(שלעפּן ארױס קורצע רױמישע שװערדלעך, זינגען אװעקגײענדיק).

פלאנצן גערטנער קאָנען מיר,
שמידן שװערדן קאָנען מיר,
און דעם פײַנט דערמאָנען מיר:
אונדזער פרײַהײַט מאָנען מיר!..

(װאָס װײַטער װערט דאָס געזאנג אלץ שטילער.)

## דאָס צװײטע בּילד

א שמידערײַ, ניט װײַט פון דער שטאָט בּעטער.

יעהוישוא.

מיט די שטאָלצע צעדער פון לעװאָנען
מעסטן יונגען אונדזערע מיר קאָנען.

אלע.

פרױען פלינקע, בּײניקע װי צװײַגן,
װען זײ זינגען, בּלײַבּן פױגלען שװײַגן.



יעהוישוא.

װי דער יאַם — די כאָכמע פון די זקײנים,
טיפער נאָך פון הימל פונעם רײנעם.

אלע.

װער זשע װעט זײ אלעמען באפרײַען, —
קראפט און גוט געשליפענער קלײזײַען.

(מע נעמט זיך האסטיקער צו דער ארבעט, מיט געזאנג.)

צװאנג און קלאמער
אין די הענט,
אונטער האמער
גליט און ברענט.
ביז דאָס אײַזן
ברענט און גליט, —
שמידט און שמידט,
און װערט ניט מיד!

עלישא.

פארלאָז די ארבעט, קוסי, גײ און זאָג
די רױמער, אז נאָך הײַנט, צום סאָף פון טאָג,
װעט זײַן אינגאנצן פארטיק דאָס געװער,
װאָס זײ האָבן בּא אונדז באשטעלט;
און אױב די ארבעט אונדזערע געפעלט,
מיר נעמען אונטער זיך נאָך מאכן מער.

קוסי.

עלישא, כ׳גײ, גיב אכטונג אפּן פײַער.

(אָפּ.)

עלישא.

א קוסי, ניט קײן ייִד, און װי א קינד מיר טײַער.
איצט לאָמיר זען, װיפל הײַנטיקס מאָל
געװער עס װעט אװעק צום אימפּעראטאָר,
און װיפל אונדז װעט איבערבלײַבּן.
װײַל מיט פארגרעסער־גלעזער קוקן זײ און קלײַבּן:

אפּ אָט דער שווערד דער קאַנט ניט איבעריקס קיין גלאַטער,
די טויג אוואַדע ניט: צו טונקל איז דער שטאָל...
דערפאַר די שאָמרים אונדזערע פון טאָל,
זיי וועלן גערן פאַר א שווערד אזא זיך נעמען,
און אויך די שטאָטלײַט וועלן זיך ניט שעמען
דעם פּאַנצער אָנטאָן, אויב ער לײַכט ניט ווי די זון...

(יעהוישוא מעסט זיך אָן א פּאַנצער. אלע רינגלען ארום עלישען. יעדערער באַווײַזט, וואָס ער האָט אופגעטאָן. עס קומט האַסטיק ארײַן יויסי, א הויכער, מיט א באַגײַסטערט פּאָנעם.)

עלישא.

וואָס איז מיט דיר, וואָס איז געשען, מײַן זון?

יויסי.

א סאַך דערקלערן דיר, עלישא, איז פאַרשפּאָרט.
פון הײַנט איז דאָ, אין שמידערײַ, מײַן אָרט.
די רוימער האָבן אָפּגעגעבן א באַפעל,
אז אויסטאָן זאָל מען יעדן אײנציקן די פעל,
פאַרגלײַכן זאָל מען מיט דער ערד די שטעט,
אראָפּטראָגן די בערג, צעווישן וועלכע נאָר מע וועט
אונדז, יונג־געלערנטע, דאָרט מאַכן גרייט
צו פירן ווײַטער נאָך די דוירעסדיקע קייט,
און אלץ — קעדיי אונדז אָנטאָן אפּנ האַלדז
דעם יאָך פון רוים, דערשטיקן אונדז מיט אים,
אוועקרויבן די שפּראַך צוזאַמען מיט דער שטים,
באַגליקן אונדז און געבן אונדז דאָס רעכט
שטאָלצירן מיטן נאָמען רוימער קנעכט,
ווי ס'הייסט דער גאַנצער קאַנט, אווו די זון גייט אופ...
נאָר אונדזער גלײַכן וועט דערהערן אונדזער רוף
און אופשטיין קענען זײַן באַדריקער דאָ און דאָרט...
באַווײַז, עלישא, מיר אין שמידערײַ מײַן אָרט.

יעהוישוא.

קום, יויסי, שטעל זיך דאָ, — ס'איז נאָך ניט שפּעט.
ניט איין מאָל האָב איך וועגן דעם מיט דיר גערעדט,
גערופן דיך אהער, דו האָסט מיך ניט געהערט,



געטײַנעט, אז דאָס וואָרט איז שאַרפער פון א שווערד.
וואָס וועסטו זאָגן איצט? דאָס וואָרט טרעפט אויך נאָר דאַן,
ווען ס'איז אין אים א שאַרפע שווערד פאַראַן.

עלישא.

ביסט גערעכט, יעהוישוא, גערעכט:
ניט מיט ווערטער באַפרײַען זיך קנעכט,
אָן א ווינט שטורעמט קיינמאָל קיין בוים —
ניט מיט טרערן וועסט אײַנבעטן רוים.
צו דער אַרבעט!..

אלע.

צוואַנג און קלאַמער
אין די הענט,
אונטער האַמער
גליט און ברענט.
ביז דאָס אײַזן
ברענט און גליט, —
שמידט און שמידט,
און ווערט ניט מיד!

עלישא.

ווער ס'אַרבעט גוט — דעם עסט זיך גוט.
נו, איצטער גייט א ווײַלע — רוט.

ערשטער שמיד.

ווער ס'אַרבעט שלעכט - דעם עסט זיך שלעכט.

צווייטער שמיד.

גערעכט.

(צעגייען זיך. אין שמידערײַ בלײַבט איבער אליין עלישא באַם אויוון. עס קומען ארײַן אוזיעל און נאַכמאָני. עלישא זעט זיי ניט.)

אוזיעל (זינגט).

בא מײַן היים
האָב איך ליים,

טיפער גראָב איכ —
האָב איכ לײם,
גראָב איכ —
האָב איכ לײם...
מיט די פיס איכ טרעט אים,
מיט די הענט איכ קנעט אים.
ס'ווערט געשײַערט מיט די הענט,
דורכנ פײַער אָפּגעברענט:
קײלים אָפּגעברענט.

נ א כ מ אָ נ י.

אלטנ ווײַנ,
יונגנ ווײַנ
נײַע קײלים
האלטנ אײַנ.
יונגנ ווײַנ,
אלטנ ווײַנ
נײַע קײלים
האלטנ אײַנ.

א ו ז י ע ל.

כ'טראָג איבער די הויפנ,
ווער עס וויל — קאָנ קויפנ.
כ'בעט ניט טײַער
פארנ לײם,
פײַער שלאָג איכ אויס
אלײנ —
פײַער פונ א שטײנ.

נ א כ מ אָ נ י.

אלטנ ווײַנ,
יונגנ ווײַנ...

א ו ז י ע ל.

שאָלעם דיר, עלישא...



ע ל י ש א.

שאָלעם דיר, אוזיעל...

א ו ז י ע ל (ווײַזט אפ נאכמאָני).

ער האָט מיכ אהער געשלעפּט,
עפּשער דארפ עלישא טעפּ?
(די שמידנ הײבנ זיכ אָנ ווידער צונויפקלײַבנ.)

ע ל י ש א.

א גאסט — נאכמאָני! קינד מײַנס, גיכער זאָג:
מיט וואָס האָסטו פארענדיקט הײַנט דעם טאָג
אינ שול, מיט װעלכע ווערטער ביסט פונ דאָרט ארויס?

נ א כ מ אָ נ י.

מיר האָבנ ניט געלערנט אינ קײנ הויז —
מיר זײַנענ ניט ארײַנ אונ ניט ארויס.
מיר האָבנ פונ די רוימער זיכ באהאלטנ
אינ בארג, אינ אײנעם פונ די שפּאלטנ.
מע האָט אונדז דאָרט געכאפּט, פאריאָגט, צעטריבנ,
די לערערס זײַנענ ליגנ דאָרט געבליבנ...

י ו י ס י.

אז פיקנ זאָלנ זײער לײַב די ראָבנ.

א ו ז י ע ל (קוקנדיק אפ די טעפּ).

דער לײם האָט הײַנט געטרערט, ווענ איכ האָב אים געגראָבנ.

י ע ה ו י ש ו א.

דער אוילעם גרײט זיכ שוינ, די אופרעגונג איז גרויס.
באר־קאָכבא שוינ צו לאנג באהאלט זיכ אויס.

ע ל י ש א.

באר־קאָכבא איז בא אונדז דאָס אויג פונ קאָפּ.
דאָס אויג מיר היטנ שטענדיק בעסער אָפּ.

דאָס אויג מיר האַלטן מערער פונדערוויַיטן,
פאַרלירן מיר באַר־קאָכבאַ, ווער וועט אים פאַרבײַטן?

יעהוישוא.

ראַבי אַקיבאַ איז נאָך אויך אין וועג.
שוין לאַנג באַדאַרפט זיַין דאָ, מיר ציילן שוין די טעג,
ווען ער וועט קומען אָנזאָגן, אַז אַלץ איז גרייט
צום אופשטאַנד.

אוזיעל (דערשראָקן).

אַלץ איז גרייט צום אופשטאַנד?..

יויסי.

שטילער, עמעצער דאָרט גייט.
ווער קאָן דאָס זיַין?

נאַכמאָני.

ראַבי אַקיבאַ וועט אין שטאָט אַרײַנ,
און ס'וועט זיך אָנהייבן... עלישא ווייס...
ער זאָגט: די רוימער וועט זיַין הייס!

(מע נעמט זיך ווידער צו דער אַרבעט. הילעל קומט מיט אַ קויש וויַינטרויבן.)

הילעל.

הילעל־הילעלן ניט פאַרשעמט,
זיסע וויַינטרויבן באַ אים נעמט.
איר וועט, שמידן, זיַין צופרידן,
שלינגט אַראָפּ און דאַנקט מיר אָפּ.
איר וועט, שמידן, זיַין צופרידן —
פרישט זיך אָפּ און דאַנקט מיר אָפּ.
הילעל־הילעלן ניט פאַרשעמט,
פרישע וויַינטרויבן באַ אים נעמט.

(אַלע נעמען וויַינטרויבן.)

יעהוישוא.

אוזיעל, יענע קיילע וויַיז אַהער,
עס זאָלן וויַינטרויבן אַרײַנ וואָס מער.



הילעל.

הילעל־הילעלן ניט פאַרשעמט,
זיסע וויַינטרויבן מערער נעמט.

(ער מעסט די וויַינטרויבן.)

הילעל איז ניט זייער קאַרג, —
יעדן מעסט ער מיט אַ באַרג.

(יעהוישוא העלפט הילעלן אָנפילן זיַין קויש מיט געווער. פון אויבן שפרייט ער אויס וויַינטרויבן.)

עלישא.

זע נאָר, הילעל, זיַי געהיט,
מיט אַזעלכעס שפילט מען ניט.

הילעל.

דו קאָנסט מיר פאַרגלויבן, —
ס'איז ניט אַזוי שווער:
די וויַינטרויבן — אויבן,
און אונטן — געווער.

עלישא.

זאָג, נאַכמאָני, וואָס איז בעסער:
אַלטער וויַין אין נײַע פעסער,
צי פאַרקערט, ווען טוסט אַריַין
אין די אַלטע — נײַעם וויַין?

נאַכמאָני

(אָנווײַזנדיק אָפּ הילעלס קויש מיט געווער).

אַלטן וויַין,
יונגן וויַין
נײַע קיילים
האַלטן איַין.
יונגן וויַין,
אַלטן וויַין
נײַע קיילים
האַלטן איַין.

(פון דרויסן דערטראָגט זיך אַ טומל. אַלע שטרענגען זיך אָן.)

עלישא (צו הילעלן).

נעם גיך דעם קויש און גלייך ניט וואר.

הילעל.

ניט ווערן איז א קליינקייט,
אף קומען צוריק באדארף מען צייט.

(שטיל.)

הילעל־הילעלן ניט פארשעמט,
זיסע ווייַנטרויבן בא אים נעמט.

נאכמאָני.

שוין לאנג איך טייַנע מיט דיר אייַן,
אז גיך וועט א מילכאָמע זייַן...

אוזיעל.

מייַן זון, און דו האָסט זיך דערפרייט?

נאכמאָני.

ווער — איך? כאָטש הייַנט! כ'בין גרייט.

יעהוישוא.

וואָס איז דאָ צו טראכטן לאנג?
יויסי, נעם אין האנט די צוואנג,
דו, נאכמאָני, גיך צום פייַער!

(מע נעמט זיך אייַליק צו דער ארבעט. הילעל מיטן געווער באוואַזט ניט ארויס־גיין. באגלייט פון נאָך צוויי רוימישע סאָלדאטן קומט אָן אנטאָניוס. ער גייט האסטיק ארייַן אין שמידערייַ. נאָך זיי — קוסי. נאכמאָני, וועלכער האָט געהאלטן אין האנט א שווערד, באהאלט זי אין א הויכן ליימענעם קרוג, אף וועלכן עס זעצט זיך אוועק אוזיעל. די ארבעט ווערט איבערגעריסן. אלע רינגלען ארום עלישען. אוזיעל בלייַבט זיצן אפן קרוג מיטן געווער. ער קריצט פארשיידענע געמעלן אף א ליימענעם פייַפל.)

אנטאָניוס.

די ארבעט אייַערע געפעלט אונדז שטארק:
די שווערד, זי האקט אראָפּ דעם קאָפּ פון קארק,



און אפן שטאָל בלייַבט נאָר א רויטער טוי,
וואָס גיט אים צו נאָך מערער גלאנץ, אזוי
אז ס'הערט דער מענטש אפילע ניט דעם שניט...
נאָר איר צו אונדז האָט אויך קיין טייַנעס ניט:
מיר צאָלן אָפּ פאר יעדער גרייטער שווערד,
וואָס ווערט באטראכט און אָנגענומען ווערט.
און אויב מיר נעמען ניט — ווייַל איר האָט שלעכט
די ארבעט אויסגעפילט, — מיר האָבן רעכט
אייַך צווינגען איבערשמעלצן נאָכאמאָל
און נאָכאמאָל, ווייַל אונדז דאָס שטיקל שטאָל
איז טייַערער א סאך פון אייַער שווייס.
איר טוט ניט דאָס, וואָס דער באשטעלער הייסט:
מע האָט אין וועג געכאפט שוין ניט איין שווערד,
וואָס שטאמט פון דאנען און וואָס אונדז געהערט.

(ער גייט צו צו הילעלס קויש. אלע בלייַבן ווי פארגליווערט. ער נעמט ארויס א הענגל ווייַנטרויבן אוןווארפט אריַין צוריק אין קויש. אלע אָטעמען לייַכטער אָפּ.)

כאָטש ס'איז אף דעם קיין שטעמפל ניט פאראן...
נאָר ווער ס'פארמאָגט א ברעקעלע פארשטאנד
אין קאָפּ, וועט אָפּנארן אים זייַן ניט לייַכט.
מע נעמט א שווערד, א צווייטע, מע פארגלייַכט,
און ס'ווערט באלד קלאָר, פון וועלכער שמידערייַ
זי קומט. און וואָר'נען מוז איך אייַך דערבייַ,
אז אויב נאָר מע געפינט געווער בא עמעצן פון אייַך,
באצאָלן מיטן לעבן וועט ער גלייַך.
עלישא, וואָס וועסטו מיר ענטפערן דערויף?

(אלע שווייַגן.)

דער ערשטער דו וועסט אפן קרייץ ארויף.
נאָך דיר האָט זיך דער טויט שוין לאנג פארבענקט.

(צו די באגלייטער זייַנע.)

נו, קומט. (צו עלישען.) דערווייַל, עלישא, דאָס געווער
אין אָרדנונג ברענג.

(אנטאָניוס און זייַנע באגלייטער גייען איבער דער שמידערייַ, באטראכטן דאָס געווער. ווען זיי דערווייַטערן זיך, כאפט יויסי אין האנט א שווערד.)

יויסי (שטילערהייט).

ווער ווייסט, נאָך וועמען האָט דער טויט פארבענקט זיך מער.

**אוזיִעל** (זינגט פאר זיך).

איין אוזיִעל ארבעט,
און דער צווייטער מאָלט,
אָבער פארן מאָלן
נעמט ער קיין געצאָלט.

(אנטאָניִוס און זייַנע באגלייטער קערן זיך אום. אנטאָניִוס שטויסט זיך אָן אף אוזיִעלן.)

**אנטאָניִוס.**

ווען אלע שטייען — איינער דו נאָר זיצסט?!

**אוזיִעל.**

אוזיִעל איז פארנומען; אוזיִעל קריצט,
אוזיִעל מאָלט דיר אויס א בלום.
ארום בלום עס פליט ארום
א בין, א בין, א בייזע בין...

**אנטאָניִוס** (מיט צאָרן).

שטיי אוף!

**אוזיִעל** (ער מאכט זיך ניט הערנדיק).

ווער איך בין? ווער איך בין?
כ'בין, איך בין — א בין...

(א רוימישער סאָלדאט דערנעענטערט זיך צו אוזיִעלן. נאכמאָני פארשטעלט אים דעם וועג. ער ווענדט זיך צו אנטאָניִוסן.)

**נאכמאָני.**

מייַן האר,
עס איז דער קאָפּ אים אָפּגעשוואכט.
אָט ווי דו זעסט אים — טאָג און נאכט,
דו הייבסט אים אוף, צוריק ער פאלט,
אף גאָר דער גאס ער מאכט א גוואלד,
ער נעמט זיך רייַסן פאר די האָר, —
שוין באלד א יאָר ער איז ניט קלאָר.

**אוזיִעל** (זינגט).

וווּ איך קום, איז דאָ א בלום,
וווּ א בלום, איך נעם ארום,



ווייַל איך בין, ווייַל איך בין,
ווייַל איך בין — א בין.

**אנטאָניִוס.**

שוין צופיל דולע גייען אום דאָ אף דער פרייַ...
וואָס טוען דולע דאָ אין שמידערייַ?

**אוזיִעל** (זינגט).

איין אוזיִעל ארבעט,
און דער צווייטער שפילט;
שפילן אָבער מוז ער,
טוט אים, וואָס איר ווילט.

(אנטאָניִוס כאפט בא אים ארויס דאָס פייַפל, טוט עס א שלייַדער אָן דר'ערד. דאָס פייַפל צעשיט זיך אף שטיקלעך. אנטאָניִוס און זייַנע באגלייטער — אָפּ.)

**אוזיִעל.**

נאכמאָני, גיי אהער,
מייַן זון, צעבראָכן ליגט מייַן פייַפל אף דער ערד,
פאר אָט דעם פייַפל לייג אריַין אהערצו נאָך א שווערד.

(עלישא דערלאנגט אים א שווערד אין האנט, אונטערברומענדיק מיט צאָרן „צוואנג און קלאמער אין די הענט".)

**קוסי.**

ער האָט דעם גאנצן וועג געשריִען און געדראָט,
אז קרייצן וועט מען אונדז אינמיטן שטאָט.

(אָנווייַזנדיק אף עלישען.)

דעם ערשטן דיך, דעם לעצטן מיך.
דערפאר, וואָס כ'בין ניט פון די ייִדן
און האלט פאר איינס מיט אייַך — די שמידן.

**אלע.**

שוין גענוג צו פלאָגן זיך,
פון הייַנט אָן מיר זאָגן זיך:
ווי די אָדלערס טראָגן זיך,
ווי די לייבן שלאָגן זיך.

**פאָרהאנג.**

(אפ דער אוואנסצענע גייט דורכ הילעל מיטנ קויש אפנ קאָפּ. אנטקעגנ קומט אָנ א פויער.)

פויער.

זאָג, ווו איז דאָ די שמידערײַ?

הילעל.

אָט דאָ דערבײַ.
וואָס דארפסטו דאָרט?

פויער.

וואָס קאָנ איצטער א פויער דארפנ?
אויב נים קיינ אקערײַזנ, איז א מעסער שארפנ.

הילעל.

פונוואנענ קומט א מענטש, פונ ווײַט?

פויער.

ווײַט ניט ווײַט — א שווערע צײַט.
די רוימער שינדנ גאָר די הויט:
פונ ברויט, פונ ווײַנ, פונ וואָל, פונ לײַנ,
פונ גרינסנ — צינזנ טראָגט ארײַנ.
דאָס אומגליק האָט דעם דאָרפ נאָכ מער געטראָפנ.
א סאכ, א סאכ עס זײַנענ זיכ צעלאָפנ.
צו שווער דער יאָכ... די לעצטע יאָרנ —
פונ דאָרפ א מידבער איז געוואָרנ.
האָב איכ מײַנ הויזגעזינד גענומענ
אונ בינ אינ שטאָט געקומענ.

הילעל.

איר מיינט, אינ שטאָט איז גרינגער?
דאָ זויגט מענ ווײַנ פונ פינגער?

(זיי צעגייענ זיכ. אנטקעגנ, פונ פארשיידענע ריכטונגענ, קומענ אָנ קינדער, צווישנ זיי נאכמאָני. זיי שטעלנ זיכ אָפּ, שפּילנ אונ ווײַזנ קונצשטיק, זינגענדיק דערבײַ.)



דער עלטסטער (זינגט).

ווענ איר ווייסט,
ווענ איר ווייסט,
טורנוס־רופוס
ווער עס הייסט?

הילעל.

אדעראבע, אדעראבע, לאָמיר הערנ,
אדעראבע, אדעראבע, זייער גערנ.

פויער.

אדעראבע, מירנ אײַכ ניט שטערנ.

דער יינגסטער (זינגט).

בא מײַנ פעטער הינטלעכ צווײ, הינטלעכ צווײ,
טורנוס — רופוס הייסנ זיי, הייסנ זיי.

כאָר.

טור־טור־טור, רו־רו־רו! (צוויי מאָל.)
טורנוס לאָזט אונדז ניט צורו.

דער עלטסטער.

ווענ איר ווייסט,
ווענ איר ווייסט,
טורנוס־רופוס
ווער עס הייסט?

איינער.

אדריאנוס קייסער,
אינ א שאָ א הייסער,
אינ א טאָג פונ צאָרנ
האָט אימ דאָ פארלאָרנ,
זיכ אינ רוימ באזועסנ
אונ אפּ אימ פארגעסנ.

ווען איר ווייסט,
ווען איר ווייסט...
טורנוס־רופוס
ווער עס הייסט...

דער ייִנגסטער.

בא מײַנ פעטער הינטלעכ צווי, הינטלעכ צוויי,
טורנוס — רופוס הייסנ זיי, הייסנ זיי...

כאָר.

טור־טור־טור, רו־רו־רו! (צוויי מאָל.)
טורנוס לאָזט אונדז ניט צורו.

סאָף פון ערשטנ אקט.

# צווייטער אקט

## דאָס ערשטע בילד

אינ וואלד. עס קומט ארײַנ מענאשע מיט זײַנע דינער.

מענאשע.

דעמ אימפעראטאָרס טאָכטער דורכפאָרנ מוז דאָ,
ווײַל ס'איז קיינ וועג קיינ בעסערער פאר איר ניטאָ.
אָט דאָ ניט ווײַט פונ וועג איכ וועל זי אָפּוואַרטנ א ווײַל,
אונ איר גייט מיטנ וואלד אונ רוט זיכ אָפּ דערווײַל.

(די דינער אָפּ.)

זי זאָל דערמאָנענ פארנ קייסער מיכ אונ, מיכ געדענקענ —
איכ וועל דעמ גורט אונ אָט דעמ רונג איר שענקענ.

(קוקט אפנ בריליאנט.)

ווי אינ קישעפ זע איכ אלץ אינ אָט דעמ רונג:
איכ זע דאָרט רוימ — א פאָלק, וואָס איז נאָכ פריש אונ יונג,
א שטאָט, וואָס איז דאָס הארצ פונ גאָר דער וועלט,
איכ זע יעהודא דאָרט, וואָס האָט אנטקעגנ זיכ געשטעלט
אונ איז צעווישנ רוימער רײַטוואָגנס געוואָרנ שטויב...
איכ זע אויכ דיכ, באר־קאָכבא, דאָרט...

(דערהערט א געזאנג, פנינא קומט אָנ. מענאשע בלײַבט אומבאמערקט.)

פנינא.

א גרוס דיר, וואלד, א גרוס דיר, יעדער בוימ באזונדער!

עס קאָן דאָ יעדער בוים זיך אָנדערציילן וווּנדער.

(זי גייט צו צו באַר־קאָכבאַס בוים *.)

באַר־קאָכבאַס בוים. ווי שטאָלץ ער וואַקסט, ווי שיין.
קיין שטורעמס וועלן דיך פון אָרט ניט רירן;
פון קינדווייז אָן, ווּהין איך זאָל ניט גיין, —
צו אָט דעם בוים די וועגן מיך פאַרפירן.

(זי גייט צו צו איר בוים. זינגט.)

אַרום מיין קאָפּ — זיין לינקע האַנט.
זיין רעכטע ט'מיך אַרומגענומען;
ווען וועלן מיר שוין זיין באַנאַנד, —
ווען וועסטו צו מיר קומען?

צו מיין געלעגער טראָגט צו ווייַן,
טראָגט עפּל צו און שפּרייט אויס בלומען;
ווען וועלן מיר צוזאַמען זיין?
ווען וועסטו צו מיר קומען?

דיין אָטעם כ'הער אין רויש פון וואַלד,
דיין שטימע הער איך אין זיין ברומען;
אין שענסטן צעדער — דיין געשטאַלט,
ווען וועסטו צו מיר קומען?..

(מענאַשע בלייבט שטיין צווישן באַר־קאָכבאַס און פּנינעס בוים.)

מ ע נ א ש ע.

און צווישן אייך — איז קיינמאָל קיינער ניט געשטאַנען?

פ נ י נ א (דערשטוינט).

ווי קומסטו אָן אַהער... פונוואַנען?

מ ע נ א ש ע.

פון אונטער דער ערד.
אַז כ'האָב דאָ ניט קיין בוים,

* עס איז דעמאָלט געווען אַ מינהג: ווען עס איז געבוירן געוואָרן אַ יינגל, פלעגט מען פלאַנצן אינעם וואַלד אַ צעדער־בוים, אַ מיידל — אַן אַקאַציע־בוים. באַם פלאַנצן די ביימער פלעגן זיך די עלטערן אָפּט צונויפרעדן, אַז זייערע קינדער זאָלן גרויסערהייט ווערן כאָסן־קאַלע. פון די ביימער האָט מען דערנאָך געשניצט די כופּע־שטאַנגען.



איז מיר דער וואַלד פאַרוווּרט?
אָט דו, וואָס טוסטו איצט אין וואַלד?

פ נ י נ א.

ברוריא דאַרף קומען באַלד...

מ ע נ א ש ע.

און ניט באַר־קאָכבאַ?

פ נ י נ א (לאָזט זיך גיין).

עס וועט דער פאָטער זיין אין כּעס, איך איַל.

מ ע נ א ש ע.

אַפילו באַ דיין פאָטער כ'האָב פאַרדינט
אַ ווייל
פאַרברענגען זאָל מיט מיר זיין קינד.
איך זאָג דיר צו, ס'וועט אים ניט זייער באַנק טאָן...

פ נ י נ א (איראָניש).

ער וועט נאָך עפּשער דיך, מיין האַר, דערפאַר באַדאַנקען.

(פּנינא לאָזט זיך גיין, מענאַשע פאַרשטעלט איר דעם וועג.)

מ ע נ א ש ע.

איך גאַר דיך שטענדיק זען אין מיינע ווענט.
איך קוש דאָס אָרט, ווו דו האָסט מיט די הענט
זיך צוגערירט.

(עס דערהערט זיך אַ געשריי: „פּנינא! פּנינא! כ'קאָן דיך ניט געפינען!")

פ נ י נ א (צופרידן).

ברוריא גייט!

מ ע נ א ש ע (אַוועקגייענדיק).

מיר וועלן טרעפן זיך נאָך זאַלבעצווייט.

(אָפּ. עס קומען אָן ב ר ו ר י א און ר אָ כ ל. פּנינא קוקט אַף דער אַלטער ראָכל מיט פאַרוווּנדערונג.)

ראָכל.

וואָס קוקסט מיך אָן אזוי פארוואונדערט, קינד?

פנינא.

ניט שאבעס און ניט יאָנטעוו איז אצינד,
און דו האָסט אָנגעטאָן דײַנע שענסטע קלייד...

ראָכל.

ס׳איז, פנינא, הײַנט בא מיר א גרויסע פרייד:
אקיבא קערט זיך אום פון ווײַטן וועג.
די לעצטע צײַט כ׳האָב שוין געציילט די טעג,
א טאָג האָט זיך געצויגן, ווי א יאָר.
איר מיינט אוודאי, איר, די יונגע נאָר,
איר קאָנט זיך איינס דעם צווייטן ניט דערוואַרטן...
און אונדז, די אַלטע לײַט, אונדז אַרט ניט. —
אקיבא האָט געשיקט פאר הונדערט מײַל
א מענטש, ער זאָל מיר אָנזאָגן דערווײַל,
אז ער וועט זײַן אינגיכן שוין צוריק.

פנינא.

און מיר האָט שימאָן אָנזאָגן געשיקט:
ער וויל מײַן פאָטער מער ניט זען...

ראָכל.

וואָס איז געשען?

פנינא.

ניט פרעג.
דער פאָטער האָט געשטעלט זיך אונדז אין וועג.

ברוריא.

אָט מיר וועט קיינער זיך אין וועג ניט שטעלן,
ווײַל קיינעם האָב איך ניט, ווײַל איך בין עלנט.



מײַן פאָטערס לײַב — האָט מען צעלעכערט ווי א זיפּ,
מײַן שוועסטערס שיינקײַט — זעטיקט פרעכע זין פון רוים,
און, שמייכלענדיק צו זיי, איר ליבסטן זעט אין טרוים...

פנינא.

דערפאר א קוש טאָן פריִער כ׳וועל באר־קאָכבאס שווערד
און נאָכדעם — אים, אויב שלאָגן זיך איז אים באשערט.

ברוריא.

איך האָב געהערט, מע רעדט, מע זאָגט:
אקיבא קומט, מיט זיך ער טראָגט
אזא געווער, וואָס טויטן קאָן...
נאָר מיטן אויג מע זעט ניט אָן.

ראָכל.

קאָן זייער זײַן, מײַן קינד.

פנינא.

און איך האָב אויך אזוינס געהערט:
אקיבא טראָגט מיט זיך א שווערד,
און ניט קיין שווערד, נאָר הוילע וואונדער:
איין סוינע שלאָגסט, און ס׳פאלן הונדערט.

ברוריא.

און נאָך עפּעס האָב איך געהערט:
ווי אָפּגעבן ער וועט די שווערד
באר־קאָכבאן — שימאָנען אין האנט,
גלײַך ליכטיק ווערן וועט אין לאנד.

ראָכל.

אזוי וועט זײַן, מײַן קינד.

(ראָכל צעזעגנט זיך. אָפּ.)

פנינא.

די צײַט וואָלט זיך אזוי גאָר ניט געצויגן,
ווען ער וואָלט ניט געשטאנען פאר די אויגן.

ברוריא.

בענק אזוי ניט, פנינא, דימענט מײַנער, פנינא,
עס האָט באר־קאָכבא ליב דיך, ווי באר־קאָכבאן — דו,
נאָר זע, ער זאָל דיך שטענדיק א לוסטיקע געפינען,
ער זאָל אין דײַנע אָרעמס געפינען שטענדיק רו.

(עס קומט אָן זאגיר.)

זאגיר.

ווי גייט מען דאָ פון וואלד ארויס?

ברוריא.

וועגן זײַנען צוויי פאראן:
איינער קורץ, דער צווייטער — לאנג,
אויב דו ווילסט פארשפאָרן גאנג,
גיי מיט יענעם, וואָס איז לאנג.

(זאגיר צעלאכט זיך.)

זאגיר.

א דאנק. (קלײַבט זיך גיין.)

פנינא.

דו ביסט מיד, זיץ, רו זיך אָפּ,
נעם אראָפּ דעם טוך פון קאָפּ.

(זאגיר זעצט זיך צו.)

ברוריא.

ווער ביסטו?

זאגיר.

א שקלאפן.

פנינא.

ווי רופט מען דיך?



זאגיר.

זאגיר.

פנינא.

זאגיר? (צו ברוריאן.)
באקאנט אזא מין נאָמען דיר?

ברוריא.

ניין, ניט באקאנט.

זאגיר.

איך בין פון ווײַט, פון גריכנלאנד.
מײַן פאָטער איז געווען דאָרט פרײַ,
און איצט אין רוים — א קנעכט, א גלאדיאטאָר.
און איך — טאָג-אויס, טאָג-אײַן ווער דאָ פארמאטערט.
רופינא — רופוס פרוי, זי וויל זײַן שענער
פון אלע רוימישע מאטראָנעס,
זי קאָן זיך גאָר נישט אויסקלײַבן קיין צירונג
און קאָן זיך גאָר ניט צוקלײַבן קיין פארב,
און אויב עס העלפט איר ניט דאָס שמירן, —
כאָטש לייג זיך דאן און שטארב.
ווי ס'וואָלט געוועגדט זיך נאָר אין מײַנע פינגער
צו מאכן שענער זי און יינגער.

פנינא.

און ווו ביסטו עס איצט געגאנגען?

זאגיר.

קלאנגען האָבן זיך פארשפרייט:
דעם קייסערס טאָכטער דארף דאָ דורכפאָרן פארבײַ,
האָט זיך עס אופגעהויבן א גערודערײַ,
ניטאָ קיין נאכט, ניטאָ קיין טאָג,
מע לויפט ארום, מע יאָגט.
און זי, רופינא, האָט מיך צוגערופן און געזאָגט:
פאראן צווישן יידן איינער —

בא אים געפינסט אמאָל די שענסטע איידל־שטיינער.
ער הייסט... מענאשע. ברענג אים גלײַך צו מיר.
בין איך אחעק, געטראָפן בלויז זײַן וועכטער בא דער טיר.

פ נ י נ א.

ניט זאָרג, זײַ רויִק, זאגיר,
ער האָט דאָ ערשט גערעדט מיט מיר,
פונדאנען איז ער לינקס אוועק...
(עס דערהערט זיך באר־קאָכבאס קאָל.)
ברוריא, ס'איז ער.

ב ר ו ר י א (צו זאגירן).

קום, איך וועל ווײַזן דיר דעם וועג.
(זאגיר צעזעגנט זיך מיט פנינען. ברוריא, זאגיר — אָפּ. פנינא באהאלט זיך הינטער א בוים. עס קומט אָן ב א ר־ק אָ כ ב א.)

ב א ר־ק אָ כ ב א

(גייט צו צו פנינעס בוים, פארנייגט זיך).
כ'בין צוליב דיר אראָפּ אין טאָל,
די בערג פארלאָזן און די היילן;
לאָז הערן, ליבסטע, מיך דײַן קאָל,
מײַן בענקשאפט אויסצוהיילן...

פ נ י נ א.

באר־קאָכבא!

ב א ר־ק אָ כ ב א.

פנינא! (זיי כאפּן זיך ארום.)
און מיר האָט זיך געדאכט, דײַן פאָטער וועט מיט גוואלד
דיך אָפּנעמען בא מיר, דו וועסט ניט קאָנען
מײַן נאָמען אין דײַן פאָטערס הויז דערמאָנען,
וועסטו אויך מיך אליין פארגעסן באלד...

פ נ י נ א.

און איך האָב שוין געטראכט,
אז צוליב אים דו ביסט אויך בייז אף מיר,



און איך האָב אזוי שטארק געבענקט נאָך דיר,
געוואַרט אף דיר באטאָג, געגאַרט נאָך דיר באנאכט.
(באר־קאָכבא זעצט זיך אחעק לעבן פנינען.)

ב א ר־ק אָ כ ב א.

שוין לאנג, מײַן ליבסטע, כ'האָב דיך ניט געזען.

פ נ י נ א.

שוין זיבן מאָל די זון אין טיפן יאם פארזונקען,
שוין זיבן מאָל דער ווינט דעם טוי האָט אויסגעטרונקען,
שוין זיבן מאָל די שטערן האָבן זיך געצונדן,—
שוין זיבן מאָל צו זיבן טעג,
אז דו, באר־קאָכבא, ביסט פארשוווּנדן...
באר־קאָכבא, ליבער, ניט געוווּסט האָב איך פון דו.
גערופן שטענדיק: גיבער מײַנער, ווו ביסטו?

ב א ר־ק אָ כ ב א.

און איך פלעג אונטער שטערן־שײַן ארופּ
צום שפּיץ פון בארג, דערהערן כ'זאָל דײַן רופ.

פ נ י נ א.

בא פייגעלעך אין וואלד געפרעגט האָב איך,
צי האָבן זיי אין וועג באגעגנט דיך?

ב א ר־ק אָ כ ב א.

ניין, ליבסטע, אף באר־קאָכבא טו א פרעג
בא אָדלערס און בא ווינטן אפן וועג.
(און פלוצעם מיט א געענדערטן שטרענגן טאָן.)
דײַן פאָטער האָט פארשאָלטן מיך דערפאר,
ווײַל מיך האָט ניט דערשראָקן קיין געפאר,
ווײַל ער שעצט טײַערער דעם שאָלעם מיט די רוימער,
ווי מיך, ווי דיך... ער האָט געזאָגט אזוי מיר:
„מע קאָן געווינט ווערן אויך קייטן טראָגן,
נאָר ניט דערוועג זיך גאָר ארויסגיין שלאָגן".

פנינא.

און וואָס האָסטו געענטפערט אים?

באר־קאָכבא.

איך, פנינא?
דו ווייסט, ווען איינעם שטערן ניט קיין קייטן?
ווען אף די הענט זיי הענגען בא א צווייטן.

(ביידע אָפּ. אפן וועג באווייזן זיך גייער — וואנדערער פון ירושאָלאים, שטארק פארשטויבטע. אן אלטער און א יונגער. זיי זעצן זיך אפן גראָז.)

יונגער.

די שטאָט, ווייזט אויס, איז ניט גערירט
און פירט זיך אלץ נאָך, ווי אמאָל געפירט,
דער וואלד איז נאָך א וואלד.

(עס קומען אָן באר־קאָכבא און פנינא.)

און פאָרלעך קומען...

אלטער (רופט צו באר־קאָכבאן).

ווי הייסט די שטאָט, וואָס גאָט האָט אָפּגעשטעלט
און ניט פארוויסט?
די שטאָט, וואָס שטייט, ווי א דערמאָנונג
אָן לאנד, וואָס האָט אמאָל געפליסט
מיט מילך און האָניק,
און איצט — אף בערג מיט אש און שטיינער קלעטער...
ווי הייסט זי, אייער שטאָט?

באר־קאָכבא.

די שטאָט הייסט — בעטער.

(באר־קאָכבא זעצט זיך צו צו זיי.)

און איר קומט איצטער אָן פונוואנען?

אלטער.

אלעקסאנדריע של מיצראים הייסט דער קראך,
מיר לעבן רויק דאָרט, געמיינדעס יידישע א סאך



פאראן דאָרט... נו, ניט אלע לעבן גלייך...
די גרייס פון פיש איז נאָכן טייך.

יונגער.

מיר זיינען דורך דאָס גאנצע לאנד,
דאָס פאָלק אף שטיקער איז צעריסן:
איין טייל וויל מיט די רוימער שאָלעם שליסן,
דער צווייטער — שלאָגן זיך מיט שווערד אין האנט.

אלטער.

און ווער איז דער גערעכטער, ווער קאָן וויסן?

באר־קאָכבא.

באָר איינער אף דער וועלט איז אומגערעכט:
אָט דער, וואָס ווערט געוווינט צום נאָמען קנעכט.

יונגער (גייט צו צו באר־קאָכבאן און רוימט אים איין א סאָד).

מ'האָט אונדז דערציילט, אז ס'איז פאראן שוין דער,
אין וועמעס האנט מע קאָן פארגלויבן דאָס געווער,
באר־קאָכבא הייסט דער מענטש, און מיר וואָלטן געוואָלט
מיט אים זיך טרעפן אויך, מיר זאָלן קאָנען
מיט שטאָלץ ארופשטעלן זיין נאָמען אף די פאָנען...

באר־קאָכבא.

באר־קאָכבא? כ'קאָן אים גוט — ער איז מיין בעסטער פריינט,
און אויב איר ווילט — איר קאָנט אים טרעפן היינט,
און אויב איר ווילט — איר קאָנט אים זען באלד,
און ניט אין שטאָט, — אָט דאָ מיט אייך אין וואלד.
דערלויבט א רוף טאָן אים.

(שפרינגט אוף און שרייט אין וואלד ארייַן.)

באר־קאָכבא, האָ! באר־קאָכבא, האָ!
אפגיך, אפגיך אהער, מע ווארט דיך דאָ.

(זיי קוקן זיך אום, פנינא האלט ניט אויס און צעלאכט זיך הויך. אלע קערן זיך אויס צו איר.)

א ל ט ע ר.

וואָס לאכסטו, קינד?

פ נ י נ א.

ווײַל איר זײַט בלינד
און קוקט אהין.

י ו נ ג ע ר.

ווהין?

פ נ י נ א.

אהער... (ווײַזט אף באר־קאָכבאן.)

י ו נ ג ע ר.

ער?!

א ל ט ע ר.

דו?!

ב א ר־ק אָ כ ב א.

מײַן נאָמען איז שימאָן, און ראבי אקיבא
מײַן נאָמען באר־קאָכבא פארשפּרייט.

י ו נ ג ע ר.

זאָג, באר-קאָכבא, אונדז, מיט וועלכע רייד
קומען זאָלן מיר צו זיך אין געגנט?
מיר וועלן זאָגן דאָך — מיר האָבן דיך באגעגנט.

ב א ר־ק אָ כ ב א.

פאר אָפּנעמען באם פאָלק זײַן ערד,
פאר אָפּרויבן באם פאָלק זײַן ווערט,
פאר שטאָט און דאָרף, וואָס ווערט צעשטערט, —
פאר אלץ באשטראָפן דארף די שווערד...



א ל ט ע ר.

אויב פריִער כ׳האָב באשליסן ניט געקענט,
האָסטו ארײַנגעגאָסן אין די אלטע הענט
א זיכערקײַט, — געבענטשט זאָל זײַן דערפאר דײַן נאָמען...

י ו נ ג ע ר.

אין שטעט און דערפער רופן וועל איך צו נעקאָמע.
קום, אלטער, גיין, פארלירן צײַט א שאָד, —
מיר דארפן הײַנט פארלאָזן נאָך די שטאָט.

ב א ר־ק אָ כ ב א.

פונדאנען גייט ארויס בעשאָלעם, נאָר געדענקט:
ווהין איר קומט — מיט זיך מילכאָמע ברענגט.

(צעזעגענען זיך. די וואנדערער דערווײַטערן זיך.)

פ נ י נ א.

דאָס גאנצע לאנד איז אופגעוויגט:
דער שטייט פאר שאָלעם, דער — פאר קריג.

ב א ר־ק אָ כ ב א.

און דו פאר וועמען שטייסט?

פ נ י נ א (בייגט אָן דעם קאָפּ).

איך שטיי... פאר דיר.

(כאפּט אים ארום.)

מײַן הארץ זאָגט אונטער דעם פארשטאנד
כ׳זאָל גיין מיט דיר נאָר האנט בא האנט.

ב א ר-ק אָ כ ב א.

דערווײַל מיט מיר דו קאָנסט ניט גיין,
איך דארף נאָך בלײַבן אומבאמערקט.
איך קער צוריק זיך אין די בערג,
פון וואלד ארויסגיין וועסט אליין...

**פנינא** (פירט אים צו צו זייערע ביימער).

די ביימער אונדזערע צוזאמענ שטייענ.
ווענ ווּעסטו, ליבסטער, מיר דאָס הארצ דערפרייענ?

**באר־קאָכבא.**

ווענ ס'וועט אינ לאנד ניט בלײַבנ קיינ אײנ רוימער,
דאנ וועלנ זיכ באהעפטנ אָט די ביימער.

**פנינא.**

די גליקלעכסטע כ'וועל זײַנ צעווישנ פרויענ,
אינ וואלד מיר וועלנ אונדזער כופּע בויענ...

**באר־קאָכבא.**

אונדז וועט דאָס פאָלק מיט טענצ אונ מיט געזאנגענ
פונ אָט די ביימער מאכנ כופּע־שטאנגענ.

(באר־קאָכבא דערוואַרעמט זיכ. פנינא באגלייט אים. עס באוואַזנ זיכ אנטאָניוס אונ עטלעכע קנעכט. אנטאָניוס באטראכט די ביימער.)

**אנטאָניוס.**

א נײַע אקס געמאכט ווערנ זאָל באלד
פונ שענסטנ בוים אינ וואלד!

(עס קומט אָנ מענאשע.)

**מענאשע.**

וואָס איז?

**אנטאָניוס.**

די קארעטע, ווו ס'פאָרט דעם אימפעראטאָרס טאָכטער,
איז אפ א שטיינ ארופגעקראָכנ,
אונ ס'איז אנ אקס צעבראָכנ.

**מענאשע** (ווײַזנדיק אפ באר־קאָכבאס בוים).

איכ בינ א היגער דאָ, אונ מיט פארמאכטע אויגנ
איכ וועל אײַכ אָנווײַזנ אזא מינ בוים,
וואָס וועט ניט ברעכנ זיכ, ניט בויגנ.



**אנטאָניוס** (צו זײַנע קנעכט).

א שיינער בוים, האקט אויס!

**פנינא** (קערט זיכ אום, דערזעט אונ כאפט ארומ מיט די הענט דעם בוים).

האקט אָפ דעם בוים צוזאמענ מיט די הענט!

(די קנעכט בלײַבנ שטיינ אינ פארלעגנהײַט.)

**אנטאָניוס.**

וואָס זײַט איר שטיינ געבליבנ, ווי די בעק?
צי איר זײַט טעמפ, צי טעמפ זײַנענ די העק?
דערזענ א מויד... איז אײַכ דאָס הארצ ארויסגעפאלנ.

(א קנעכט שטויסט זי אָפ. פנינא פאלט אפ דער ערד. עס דערהערנ זיכ קלעפ פונ העק. פנינא שפרינגט אופ, לויפט צו צו אנטאָניוסנ אונ פאלט פאר אים אפ די קני.)

**פנינא.**

מײַנ האר, ס'איז אלצ אָנ דיר געווענדט,
איכ בעט — אפגיכ שטעל אָפ... פארווער!..

**אנטאָניוס.**

וואָס איז געשענ דאָ, דערקלער...

(פנינא וויינט. אנטאָניוס ווענדט זיכ צו מענאשענ.)

וואָס פאר אנ אומרעכט טוענ זיי — דערקלער מיר?

**מענאשע** (ערנסט).

זיי האקנ אויס דעם בוים פונ איר באשערטנ...

(מענאשע — אָפּ.)

(בא פנינענ דערוועקט זיכ א האָפענונג.)

**אנטאָניוס** (צעלאכט זיכ).

דער גאנצער וואלד, וואָס אזוי שיינ דאָ וואקסט, —
געוואָרט האָט ווערנ אינ א רוימער רײַטוואָגנ אנ אקס...

פנינא (שפּריגגט אוף).

דער גאנצער וואלד, וואָס אזוי שיינ דאָ וואקסט, —
געווארט האָט זענ, ווי ס׳ברעכט זיכ דאָ די רוימער אקס...

אנטאָניוס.

בינדנ איר די הענט פאר אָט די ווערטער!
אינ פעסטונג זי ארײַנזעצנ!

(צוויי קנעכט כאפּנ פנינענ פאר די הענט.)

פנינא (שרײַט אויס מיט אלע קויכעס).

באר־קאָכבא!

(עס קומט צו לויפנ ברוריא. קיינער באמערקט זי ניט.)

אנטאָניוס.

באר־קאָכבאנ רופסט צו הילפ! אז דײַנ באשערטער
וועט קומענ פאר דיר בעטנ —
וועלנ מיר דיכ לאָזנ פרײַ!

פנינא.

באר־קאָכבא! (אלע אָפּ.)

(עס באווײַזט זיכ ברוריא).

ברוריא.

ברידער! פאָטערס! גיכ אהער! אהער!

(עס לויפנ זיכ צונויפ עטלעכע מענטשנ, צווישנ זיי אוזיעל אונ הילעל.)

מע האָט ערשט פנינענ א געבונדענע אוועקגעפירט.

אוזיעל.

וווהינ?

ברוריא.

ווער ווייסט וווהינ?
ארויפגעהאקט באר־קאָכבאס בוים!



הילעל.

ווער?

ברוריא.

רוים!

איינער.

ביזוואנענ וועט מענ אפ די קעפ אונדז טרעטנ?

אוזיעל.

אונ עפשער בעסער גיינ מיט גוטנ בעטנ?
מיט גוטנ וועט מענ עפשער בעסער מאכנ?

הילעל.

ניטאָ, אוזיעל, ווער זאָל פונ דיר לאכנ...

(ער כאפּט ארויס א קורצע שווערד.)

אָט דער זאָל בעטנ גיינ — ער האָט א שארפע צונג,
אונ מע פארשטייט אים אפנ וווּנק.

(עס קומט אָנ באר־קאָכבא. הילעל וויל אים עפּעס זאָגנ.)

באר־קאָכבא.

איכ ווייס שוינ אלצ.

(ער גייט צו צום ארויפגעהאקטנ בוים.)

מ׳האָט מיטאמאָל מיר אומגעבראכט מײַנ יוגנט...
נו, איצטער, עליעזער, ביסטו שוינ באנוגנט?
כ׳וועל, עליעזער, דיר דאָס נאָכ אמאָל דערמאָנענ.
אונ, רוים, בא דיר כ׳וועל דאָס א גאנצנ לעבנ מאָנענ.

אוזיעל.

פארוואָס האָסטו אזוי געשטראָפט אונדז, גאָט!
די טעכטער אונדזערע מע מאכט צו שפּאָט.

הילעל.

וואָס טראכסטו טאָנ, באר־קאָכבא, זאָג?

באר־קאָכבא.

אָט הײַנט זאָל זײַן דער לעצטער טאָג.

איינער.

מיר וועלן גיין צו רופוסן און פֿאָדערן,
ער זאָל באפרײַען זי.

(עס דערהערט זיך א געשאל פון א טרומייט.)

הילעל.

ער גייט אהער.
זיך שלאָגן ביזן לעצטן טראָפּן בלוט אין אָדערן..

באר־קאָכבא.

דערווײַל באהאלטן דאָס געווער.

(עס קומט רופוס, מיט אים עטלעכע רויטער.)

רופוס.

איך האָב באפוילן דאָך, אז צוויי — דרײַ טעג
פון אײַך זאָל קיינער זיך ניט ווײַזן אפן וועג,
א מײַל ארום ארומגיין אָט דעם וואלד,

באר-קאָכבא.

צום אלעמערשטן, כ׳פֿאָדער באלד
באפרײַען די, וואָס איר האָט מיט געוואלט
פונדאנען צוגענומען, ברענגען זי אהער.

רופוס.

צו פֿאָדערן בא מיר אזעלכעס — ווער
האָט דיר דערלויבט, ווער האָט געגעבן רעכט
א קנעכט צו שטיין און ריידן אזוי פרעך
מיט דעם, פון וועמעס וואָרט ס׳הענגט אָפּ זײַן לעבן?..



באר־קאָכבא.

גראָד אָט דאָס לעבן האָט דעם קנעכט דאָס רעכט געגעבן.
ניט דו — אליין ווען אדריאַנוס קייסער שטייט דאָ,
כ׳וואָלט אויך מיט אים ניט אנדערש ריידן.

רופוס.

וואָס ווארט איר, נעמט!

(מע גרײַפט אָן אם באר־קאָכבאן, באר־קאָכבא גרייט זיך געבן א ווידערשטאנד.
הילעל און די איבעריקע פרווון זיך ארײַנמישן.)

באר־קאָכבא.

אליין. איר וועט מיר איצט נאָר שטערן...

(איינער פון די רוימער סאָלדאטן פארמעסט זיך אם באר־קאָכבאן מיט א שווערד.
באר־קאָכבא כאפט בא אים ארויס די שווערד און צעברעכט זי אָן די קני.)

אזוי וועט רוים צעבראָכן ווערן!..

רופוס.

א שטריק ארופווארפן! אין קייטן פירן!

באר־קאָכבא.

דו פריַער הייס, מע זאָל פון אָרט מיך רירן.

רופוס.

אין צירק, באם לייב אין מויל, וועסט ענדיקן דײַן לעבן.

באר-קאָכבא.

באר־קאָכבא וועט זיך דיר ניט אונטערגעבן!

(צערײַסט די שטריק, באפרײַט זיך, אנטלויפט, און נאָך אים אלע.)

רופוס.

באר־קאָכבא! דו וועסט ניט אנטלויפן ווײַט —
ס׳וועט דיר דײַן לאנד
פאר א באהעלטעניש ניט קאָנען דינען.
עס וועט מײַן האנט בא דיר אין לאנד דיך אומעטום געפינען.

## דאָס צווייטע בילד

באַ די טויערן פון דער שטאָט. אַף דער סצענע די זקיינים — די אָנפירער פון דער שטאָט. עס קומען אָן: עליעזער און נאָך אים מענאַשע.

עליעזער (צו דער פאַרזאַמלונג פון די זקיינים).

איך האָב צונויפגערופן אײַך, קעדייִ אײַך זאָגן:
באַר-קאָכבאַס זינד מיר וועלן מער אַף זיך ניט טראָגן.
אַקיבאַ קומט — ס'מוז הײַנט באַשלאָסן ווערן,
אַז אויב דער שאָלעם-ברעכער וועט אונדז אַלץ ניט הערן
און אופשטיין קעגן רוים, — מיר וועלן זײַן געגרייט
פאַר גאָט...

מענאַשע.

און פאַרן פאָלק מיר וועלן טאָן ניט שלעכט.

עליעזער.

אויב מיר, די אַלטע לײַט, וועלן אין רוים דערקלערן:
מיר קלײַבן קעגן רוימער הערשאַפט זיך ניט ווערן...

מענאַשע.

אַז ניט דאָס גאַנצע פאָלק איז קעגן קייסער, נאָר אַ טייל,
אַז שיקן מענטשן וועלן מיר פון הייל צו הייל,
ס'געווער געפינען און אַליין אין רוים דאָס פירן —
מיט הוילע הענט זיי וועלן זיך פון אָרט ניט רירן.

עליעזער.

דערמיט מיר וועלן אויסלייזן דאָס פאָלק פון שרעק...

איינער פון די זקיינים.

און די, וואָס פירן עס אַראָפּ פון גלײַכן וועג,
ווי קרעציקע מיר וועלן האַלטן פונדערווײַטנס...

אַ צווייטער פון די זקיינים.

ס'איז נאָך ניט שפּעט — מע מוז באַוואָרענען באַצײַטנס
פון בלוטפאַרגיסונגען, פון שווערער נויט און טרערן...

(עס דערהערט זיך מוזיק.)



עליעזער.

אַקיבאַ קומט — די זאַך מוז הײַנט באַשלאָסן ווערן.

(מע הערט זינגען די ליד, מיט וועלכער מע באַגעגנט אַקיבאַן.)

טוט אַ פרעג באַ יעדן וועג,
באַ די וועלדער טוט אַ פרעג,
און באַ יעדן שטיין אין וועג
אַף אַקיבאַן טוט אַ פרעג,
פרעגט באַ יעדן קוואַל און טײַך:
צי געטרונקען ס'ער פון אײַך?
און באַם שאָטן טוט אַ פרעג,
צי גערוט האָט ער אין וועג?

(אַרומגערינגלט פון רעכטס און פון לינקס מיט פרײַנט און טאַלמידים קומט אָן אַקיבאַ.)

אַקיבאַ.

שאָלעם אײַך — נאָענטע און ווײַטע!
שאָלעם אײַך — פון הײַנט און אַף ווײַטער...

(אַלע שטייען אויף.)

עליעזער.

שאָלעם דיר, ראַבי אַקיבאַ,
שאָלעם צו דיר, צו אַלעמען אונדז...

אַלע.

שאָלעם.

(מאַכן אַן אָרט פאַר אים אויבנאָן.)

עליעזער.

פאַרנעם דײַן אָרט.

(אַקיבאַ בלײַבט שטיין.)

אַקיבאַ.

שוין לאַנג אין שטאָט אין מײַנער ניט געווען,
שוין זייער לאַנג די שטאָטלײַט מײַנע ניט געזען, —
דערלויבט דעם קאָוועד אָנטאָן זיך, — און אײַך באַגריסן...

(פאַרנייגט זיך פאַרן אוילעם, אַלע באַגריסן אים.)

אלע.

ראבי אקיבא! ראבי אקיבא!

אקיבא.

איך האָב געײַלט, מע זאָל דעם טויער ניט פארשליסן...
און איצטער וויל איך וויסן, זאָגט מיר, גוטע לײַט:
צי זײַנען רעגנס דאָ געגאנגען צו דער צײַט?
צי האָט דאָס ברויט געשניטן דער, וואָס האָט געזײט?
צי האָט דער פלאנצער מיט זײַן ווײַנשטאָק זיך געפרייט?
צי האָבן זיך געפרוכפּערט טשערעדעס אין טאָל?
צי איז געווען געדיכט און ווייך אף זיי די וואָל?
צי האָבן די, וואָס ארבעטן אין שטאָט, געהאט
פאר זיך און פאר די קינדער ברויט צו זאט?
צי האָט די ארבעט זיך בא זיי אין האנט געשפּאָרט?
צי האָבן זין און טעכטער, ווי די טויבן, זיך געפּאָרט?

(עס גייען זיך צונויף ענגער די, וואָס האָבן אים באגעגנט.)

עליעזער.

אקיבא, ניט אומזיסט האָסטו געײַלט אהער:
דײַן קומען דארף ארויסשלאָגן פון האנט די שווערד
בא די, וואָס ווילן פעט מאכן מיט אונדזער בלוט די ערד.

יעהוישוא.

מיט וועמעס בלוט?

עליעזער (יעהוישוען).

מיט דײַנעם.

מענאשע (ווײַזט אף אקיבאן).

און מיט זײַנעם.

אקיבא.

וואָס טוט זיך אָפּ בא אײַך, דערקלערט.



עליעזער.

וואָס קאָן שוין ערגער זײַן...
נעכטן איז צו מיר אין שטוב ארײַן
סענאטאָר לוציוס און דערקלערט מיר שטרענג:
„עליעזער, כ'וואָרן דיך צום לעצטן מאָל, געדענק,
אז דאָס געווער, וואָס אײַערע באהאלטן,
וועט פריער פאלן אף דײַן קאָפּ דעם אלטן..."

עלישא.

און וואָס האָסטו געזאָגט?

עליעזער.

וואָס זאָל איך זאָגן:
די שולד פאר דעם ניט איך וועל טראָגן.

הילעל (צו יעהוישוען).

אײַ... מיר איז גרינג צו טראָגן דאָס געווער,
און אים די שולד אליין פארטראָגן שווער.

אקיבא.

פארוואָס איז צווישן אײַך קיין שאָלעם ניט פאראן?
ווו ס'איז ניטאָ קיין שאָלעם, איז ניטאָ קיין בראָכע דאָרט...

עליעזער (ווײַזט אף די זקיינים).

דער קאָפּ פארנעמען שטענדיק דארף דאָס ערשטע אָרט.
און וואָס דער קאָפּ באשליסט, דאָס דארפן טאָן די הענט.

(ווײַזט אפן אוילעם.)

עלישא.

נאָר ס'האָבן אָט די הענט זיך אויסקלײַבן געקענט

(ווײַזט אף אקיבאן.)

א קאָפּ אזא, וואָס וויל דאָס זעלבע, וואָס די הענט...

### אקיבא.

ראבי עליִעזער, אפ דער וועלט מיר לעבן זייער לאנג,
שוין וויסן צײַט, אז צוהערן זיך דארפ מען צום פארלאנג
פון די, וואָס פאר א מײַל דערקענען זיי א פרײַנט
און האָבן ליב ביז בלוט, און — ביז אין בלוט זיי האָבן פײַנט...

### עליִעזער.

די פײַנטשאפט פון א מענטשן איז — א האלבע שטראָפ.
דערפאר, אז גאָט נעמט שטראָפן — שטראָפט ער ביזן סאָפ.
מ'האָט רוים צערייצט — די טוירע וועט נאָך מער איצט
גיין צו גרונט,
ס'איז קראנק דאָס פאָלק — באר-קאָכבא הייסט די וווּנד...

### עלישא.

דאָס פאָלק איז קראנק — באר־קאָכבא וויל עס היילן!

### אוזיִעל.

ער וויל, עס זאָלן קינדער מער ניט שטארבן אין די היילן.

### הילעל.

עס זאָל דער פויער קאָנען אָפּעטעמען פרײַער.

### יעהוישוא.

עס זאָלן אלטע לײַט ניט אויסגיין אפן פײַער.

### אקיבא.

די טוירע גייט צו גרונט? — קאָן זײַן. נאָר ביסט פארבלענדט:
דו מיינסט, אז רוים וועט אונטערלייגן איר די הענט;
צי ווילסט עס ניט פארשטיין, צי קאָנסט עס ניט באנעמען:
ווען ס'איז ניטאָ קיין פאָלק — די טוירע איז פאר וועמען?

(נעמט בא אוזיִעלן א טאָפּ.)

דאָס פאָלק געגליכן איז צו אָט דעם טאָפּ:
ווען ער איז גאנץ, אין זיך א יעדן טראָפּן היט ער אָפּ...

(טוט א וואָרף דעם טאָפּ אפ דער ערד, ער ווערט צעשאָטן אפ שערבלעך.)

דו ווילסט, עס זאָל דאָס פאָלק צו דעם געגליכן זײַן?



### עליִעזער.

צעברעך דעם טאָפּ, גיס איבער נאָר דעם ווײַן.

### יויסי.

וואָס רעדט איר אלץ פארשטעלט? אָט לאָמיר ריידן אָפּן.
ס'וועט רוים ניט קאָנען קיינמאָל רויִק שלאָפן,
און פונעם האלדז צוריק וועט קריכן איר דער פעטער ביסן,
אויב רוים וועט טראכטן נאָר דערבײַ, אויב רוים וועט וויסן,
אז דאָ בא אונדז, אין א פארוויסט, א כאָרעוו לאנד,
זי קאָן אין קאלטן אש נאָך אָפּבריִען די האנט.

### מענאשע.

און דו וועסט פונדערווײַטן שטיין און רײַבן זיך די הענט
פאר פרייד, וואָס אין דײַן אש א פונק א הייסער ברענט.
דו ביסט פאר הייסן אש, און איך — פאר קאלטן שטיין,
אפ וועלכן ס'וועט אָט דאָ א נײַער פאלאץ שטיין.
איך וועל אהין ארײַן און פילן זיך ניט שלעכט,
וואָס אויסגעבויט פאר מיר אים האָבן רוימער קנעכט.
מענאשע זאָגט: אריבערקלײַבן זיך דארפ רוים אהער
און בויען וועגן און ווארשטאטן דאָ וואָס מער,
ווײַל ניט קיין בלוט קאָן אופלעבן דאָס לאנד אפסנײַ,
נאָר גאָלד און זילבער, וואָס וועט פליסן פרײַ
פון רוים אהער, דערנאָך צוריק פונדאנען...

### עלישא.

גענוג. מיר האָבן דיך פארשטאנען.

### יויסי (עליִעזערן).

זע, ראבי, צווישן דיר און פאָלק וואקסט אויס א וואנט...

### יעהוישוא (צו מענאשען).

דו זאָג מיר, וועמעס וועט דאן זײַן דאָס לאנד?

### עלישא.

און זאָג מיר, ווער איז מיט די רוימער מער צופרידן,
מענאשע, דו מיט אים, צי זיי און מיר — די שמידן?

**מענאשע.**

איז אויב דו פרעגסט שוין יאָ און ווילסט האָסט געוואָלט:
דײַן האמער דארף דעם שאָלעם מער, ווי מנאשעס גאָלד.
מענאשעס גאָלד אויב ניט קיין רוים — וועט זיך
אַן אנדער וועג געפינען,
און דיר און אים, און אים האָט רוים געגעבן ברויט פארדינען.

**אקיבא** (מענאשען).

די דימענטן, וואָס דו האָסט דאָ ניט וועמען צו פארקויפן,
דאָס צווינגען זיי דיך צו דעם פײַנט אריבערלויפן.
מענאשע, דו ביסט קלוג געווען, נאָר דו ביסט צופיל רײַך,
דו זאָלסט מיט יענע מענטשן קאָנען טראכטן גלײַך.
דײַנע דימענטן קויפט דער רוימער, נאָר באצאָלן דיר —
צאָלט דער, און דער, און דער...

**הילעל.**

ווײַל וויפל ס'קאָסט אים, מאָנט ער אויף בא אונדז
אין צען מאָל מער.

**אקיבא.**

כ'בין דורך דאָס גאנצע לאנד פון ראנד ביז ראנד,
איך בין געוועזן אויך אין פרעמדע לענדער,
ווו ייִדן וווינען, — ס'האָט זיך דאָרטן אלץ געענדערט:
א סאך פון די, וואָס האָבן פריִער ניט געטראכט
זיך שלאָגן גיין, זיי זײַנען איצטער גרייט צו גיין אין שלאכט.

**עליִעזער.**

אפ דעם האָסטו אזויפיל יאָרן דאָרט פארבראכט?!

**מענאשע.**

נאָר דער, וואָס טראָגט א קויש אָנשטאָט א קאָפּ,
צי דער, וואָס איז פון זינען גאָר אראָפּ,
נאָר דער וועט ניט פארשטיין,
אז דער, וואָס וואַרפט אין רוים א שטיין,
דער וואַרפט דעם שטיין אין זיך אליין.



**יויסי.**

און ווער עס וואַרפט אין אונדז א שטיין —
פארשטיינט מען אים!

**שטימען.**

פארשטיינט מען אים!

**עליִעזער** (אקיבאן).

אפ דיר, אפ דיר נאָר פאלן וועט די גאנצע שולד,
אקיבא, כ'האָב געווארט אפ דיר מיט אומגעדולד,
איך האָב געמיינט, אז אין אַן אָנגעשטרענגטער צײַט,
ווי איצט, וועסט זײַן מיט אונדז, די אלטע לײַט.
בארויִקן וועסט העלפן די צעהיצטע קעפּ.
איך זאָג: דעם סוינעס טראָט דו טו א קוש און — לעב!

**אוזיִעל.**

איידער אזא לעבן — בעסער שוין דער טויט.

**יעהוישוא.**

דײַן טאָכטער זיצט בא זיי פארשפארט,
און דו — דו האָסט זיך אײַנגעשפּארט,
אלץ ווארט און ווארט און ווארט...

**עליִעזער.**

דאָס גאנצע פאָלק וואָלט אָפּגעלעבט און אויך מײַן קינד,
נאָר איר באר-קאָכבאָן זעט די הענט פארבינדט.

**יויסי** (שרײַט אויס).

באר־קאָכבא! באר־קאָכבא!

(פון אויבן באווײַזט זיך באר־קאָכבא. אלע ווענדן די אויגן צו אים.)

**שטימען.**

באר־קאָכבא, אונדזער טרייסט ביסטו!
באר־קאָכבא, אונדזער האָפענונג ביסטו!

באר־קאָכבא, אונדזער שײַנ ביסטו!
באר־קאָכבא!

א ק י ב א.

געבענטשט זאָל זײַן די שעה,
ווען דו ביסט אופגעגאנגען, ווי א שטערן.

ע ל י ע ז ע ר.

ווי צו די אויערן,
וואָס אָט אזעלכעס הערן!
ווען איך וואָלט וויסן,
איך וואָלט די טויערן
פונ שטאָט פאר דיר פארשליסן...

(באר־קאָכבא גייט צו צו אקיבאן. אקיבא טוט אים א קוש אין קאָפּ.)

א ק י ב א.

באר־קאָכבא!
ווי נאָך מײַנ אייגן קינד איך האָב נאָך דיר געבענקט...

ע ל י ע ז ע ר.

דער פאסטעך האָט זיך ווידער שוינ אין דיר צערעדט, געדענק!
אקיבא, גייסט א פאָלק פארדארבנ!
ס'וועט גיכער שוינ מיט גראָז ארומוואקסנ דײַנ שארבנ,
ווי דורך באר־קאָכבא וועט דאָס פאָלק געהאָלפנ ווערנ.

ע ל י ש א.

ער קומט פונ פאָלק — צום פאָלק וועט ער געהערנ.

ב א ר־ק אָ כ ב א.

געקומענ איז די צײַט. גענוג גערעדט!
ווײַל אויב נים הײַנט —
ווער ווייסט, אויב מאָרגנ וועט ניט זײַנ צו שפעט.
אינ וואָס באשטייט בא אײַך דער שטרײַט?
דער שרײַט: — געקומענ שוינ די צײַט
באפרײַענ זיך פונ רוימער יאָך.



דער שרײַט: — מיר קאָנענ טראָגנ נאָך.
נאָר אז ער דריקט, ער שטיקט, דער יאָך,
דאָס אָבער לייקנט קיינער דאָך.

א ש ט י ם.

שימאָנ! שימאָנ! ווער האָט דיר דאָס וואָרט געגעבנ?

ע ל י ע ז ע ר.

הערסט?

ב א ר־ק אָ כ ב א.

כ'שווער דיר, עליעזער, בא מײַנ לעבנ,
דו האָסט מיר דאָס וואָרט געגעבנ.

ע ל י ע ז ע ר.

איך?

ב א ר־ק אָ כ ב א.

דו!
ווײַל איך האָב ווײַטער ניט געקאָנט שוינ הערנ.
איר, זקיינים, מוזט אזוי אוואדע קלערנ:
נים איר צוליבנ פאָלק, דאָס פאָלק איז צוליב אײַך.
אָט וועלנ מיר די זאך באשליסנ גלײַך.
איך וואַרט, דאָס פאָלק זאָל ענטפערנ און זיך ניט שעמענ:
ווער איז צוליב וועמענ?

ה י ל ע ל.

אָט ווענ דאָס פראָסטע פאָלק די זקיינים פאָלגט,
דאנ זײַנענ זיי זיך — זקיינים, אונ דאָס פאָלק — א פאָלק.
נאָר ווענ דאָס פאָלק הערט אופ צו פאָלגנ — דאנ איז אויס,
דאנ זײַנענ גרייט די זקיינים קעגנ פאָלק ארויס.

(יוסי גייט האסטיק צו צו עליעזערנ אונ שטעקט ארײַנ הארט לעבנ אים אין דער ערד א שווערד.)

ב א ר־ק אָ כ ב א.

נו, פרעג באם פאָלק. עס וועט דאָס פאָלק דיר זאָגנ:
צי וויל עס שאָלעם, צי עס וויל זיך שלאָגנ.

עלישא (גייט צו צו באר־קאָכבאן),

איך האָב דרײַ זין — איך גיב דיר אַלע דרײַ.
ראבי אקיבא, גוט, וואָס דו ביסט דאָ דערבײַ,
ראבי אקיבא, בענטש זיי, אויב זיי זײַנען ווערט.
כ׳גיי אויך מיט זיי.

אקיבא (לייגט ארוף די האנט אפן עלטסטן).

איר זאָלט צוריקערן זיך זאַלבעפערט!

צווייטער פאָטער.

און איך האָב פיר — זיי זײַנען אלע גרייט.
ווען כ׳בין ניט אַלט, איך וואָלט זיי אויך באַגלייט.

אקיבא.

באגעגענען די קינדער דײַנע זאָלסט מיט פרייד.

דריטער פאָטער.

פון זיבן — איינער איז געבליבן נאָר.

אקיבא.

עס זאָל פון אים ניט פאַלן אף דער ערד קיין האָר.

אוזיעל (פירט צו נאכמאָנין).

דאָס איז מײַן זון, ראבי אקיבא, ער איז קליין,
נאָר ווען איך וועל ניט לאָזן אים, ער וועט אוועק אליין.

אקיבא (גלײַכט זיך אויס. אלע רינגלען אים ארום. אקיבא לייגט ארום אף נאכמאָנינ די הענט).

זאָלסט ווי א יונגער לייב זיך שלאָגן פאר דײַן ערד.
און אויב (פארטראכט זיך א רעגע.) א גרויסער אויסוואקסן איז
דיר באשערט,
געדענק אקיבאס רייד:
כאָטש אלץ פון גאָט איז אָנגעצייכנט,



נאָר אויסקלײַבן ביסט פרײַ —
און אלץ דו קאָנסט אליין דערגרייכן.
(נאכמאָני פאלט אף דער ערד און קושט דעם זוים פון אקיבאס קלייד.)

מענאשע.

ס׳איז הײַנט מיר זייער פיל געוואָרן קלאָר:
געמיינט, אז מיט באר־קאָכבאן גייען וועט נאָר
א קליינע צאָל, וואָס האָבן ליב די שווערד
פיל מער, ווי אקערן מיט שוויס די ערד.
נאָר מנאשע איז געווען פארבלענדט, פארפירט:
דאָס גאנצע פאָלק האָט זיך פון אָרט גערירט.
אליין, ווען כ׳האָב א קינד, איך ברענג עס אײַך...
דערפאר האָט גאָט געבענטשט מיך, איך בין רײַך.
עס פאָדערט א מילכאָמע ניט נאָר הענט.
באר־קאָכבא! כ׳וואָלט דיר נוצלעך זײַן געקענט:
ווי קיינער ניט פון אײַך דעם פײַנט איך קאָן.
ניט קאָנענדיק דעם פײַנט, מע הייבט ניט אָן
קיין שלאכט. כ׳וואָלט דיר געבראכט געווער און שפײַז.
מײַן פאָלק, זײַ מויכל מיר, איך האָב געגרײַזט.
(פאלט אף דער ערד פאר אקיבאן.)
פארגיב, אקיבא, מיר מײַנע שווערע זינד,
כ׳בין גרייט אף אלץ, נאָר בענטש מיך ווי א קינד,
וואָס האָט פארשולדיקט זיך, נאָר פאָרט געקומען
אין פאָטערס הויז, אף זיך א שטראָף גענומען;
פון הײַנט וועט זײַן מײַן הארץ פאר אײַך נאָר אָפן,
אויב ניט, זאָל גאָט מיך מיט א דונער שטראָפן!

אקיבא.

ס׳איז דאָ אן אויג, וואָס אלצדינג זעט און ווייס,
אויב נאָר דו רעדסט, נאָר דו האָסט נאָך קיין בייז
ניט אָפגעטאָן — כ׳וועל אָפּוואַרטן א ווײַל:
ניט בענטשן דיך, ניט שילטן אויך דערווײַל.

הילעל (פון דער הייך).

באר־קאָכבא, רוימער גייען...
אנטאָניוס גייט. ער איז שוין נאָנט, אָט גייט ער.

עלישא.

אליין?

הילעל.

מיט עטלעכע באגלייטער.

(עלישא רוימט איַין אין אויער באר-קאָכבאן. באר-קאָכבא פארשווינדט. עליעזער לאָזט זיך גיין, אנטקעגן קומט אָן אנטאָניוס מיט עטלעכע רוימישע סאָלדאטן.)

אנטאָניוס (וויַיזנדיק אף אקיבאן).

אָט דאָס איז דער, אף וועמען איר האָט לאנג
אזוי געווארט, באגעגנט מיט געזאנג?
(צווישן אוילעם ווערט אומרויִק.)
איך וואָלט געבעטן נאָר ס'זאָל רויִק זייַן!
צעגיים זיך: שמיד, — אין שמידערייַ אריַין.
דו, בעקער, — צו דייַן טייג, דו, שוסטער, — צו דייַן שוך!
(אקיבאן.) און דיך, אקיבא, שוין פון לאנג איך זוך,
אין קעסאריע ווארט אף דיר אן אָרט,
ביסט מיד פון וועג, וועסט אָפרוען זיך דאָרט.
דו האָסט דאָך ניט גערוט קיין טעג, קיין נעכט,
אלץ קעגן רוים געבונטעוועט די קנעכט.
ביסט אלט, איך וועל ניט אָנטאָן דיר קיין קייטן.
ס'זאָל זייַן דיר פריילעכער, כ'וועל דיך באגלייטן...

(ער גיט אָפ א שטומען באפעל, מע זאָל ארומרינגלען אקיבאן. עלישא, הילעל, יויסי און יעהוישוא פארשטעלן די סאָלדאטן דעם וועג.)

עלישא.

ניט קוק, אנטאָניוס, וואָס איך בין אלט,
שוין פערציק יאָר די שווערד אין האנט איך האלט.

יויסי.

איין טראָט, און בלוט וועט גיסן זיך דאָ באלד.

עליִעזער.

מיט וועמען, דולע, ווילט איר זיך פארגלייַכן?
פאר יעדן טראָפן וועט אונדז קאָסטן טייַכן.
(אנטאָניוס לאָזט דורך עליעזערן און די זקיינים. זיי גייען אוועק.)



אקיבא.

אויב נאָר צוליב אקיבאן — כ'בין ניט ווערט
איין טראָפן בלוט זאָל פאלן אף דער ערד...
כ'האָב ווייניק אופגעטאָן, נאָר כ'לעב שוין לאנג.
איך האָב באר-קאָכבאן ניט געבענטשט — דאָס טוט מיר באנק.
(פיר פרויען, צווישן זיי ברוריא, פאלן אנטאָניוסן צו די פיס.)

ברוריא.

וועמען ווילסטו נעמען? וועמען?
ווילסט דאָס גאנצע פאָלק פארנעמען?!

אנטאָניוס.

ניט אינגאנצן, נאָר דעם קאָפ.

ברוריא.

פנינאן! פנינאן גיב אונדז אָפ!

שטימען.

קינדער, פרויען, אלטע לייַט,
זייער בלוט פון קייווער שרייַט,
און די קוילעס הימלען שפאלטן...
— פנינאן ווו האָסטו באהאלטן?!
— ריר ניט אָן כאָטש אָט דעם אלטן!
(די סאָלדאטן רינגלען ארום אקיבאן.)

ראָכל (פאלט מיטן פאָנעם צו דער ערד).

פאר גאָר דער טוירע דאָס איז דאָס געצאָלט?

אקיבא.

מייַן ליבסטע! כ'האָב אזוי געוואָלט.
שטיי אוף!
דאָס גאנצע לעבן כ'האָב געווארט דערויף,
כ'זאָל פאר מייַן פאָלק איצט אָפגעבן דאָס לעבן.

אנטאָניוס (צו די רוימער).

איר וועט נאָך ציִען לאַנג?

עלישא.

מיר פֿאָדערן באַפֿרײַען אים.

אנטאָניוס.

אויב ניט?

יעהוישוא.

וועסטו אַף זיך פֿאַרזוכן אָט דעם שניט!

(א גערודער. עס קומט אַן באַר־קאָכבאַ א באַוואָפֿנטער און וואַרפֿט זיך גלײַך איבער געשלעג. אנטאָניוס טרעט אָפּ א פֿאַרווונדעטער. פֿון אַלע זײַטן קומען אָן באַוואָפֿנטע ייִדן.)

באַר־קאָכבאַ.

ברידער מײַנע! כ'קוק אַף אײַך:
עפּשער זײַנען מיר אין צאָל ניט גלײַך
צום פֿײַנט, מיר האָבן ווייניקער געווער, —
נאָר מיט מײַן קאָפּ און רעכטער האַנט איך שווער,
און לאָמיר אַלע שווערן אין איין שטים:
מיט זײַן געווער מיר וועלן שלאָגן אים!

אַלע.

מיט זײַן געווער מיר וועלן שלאָגן אים!..

(אקיבא לייגט אַרויף די האַנט אַף באַר־קאָכבאַן און בענטשט אים. נאָכדעם בענטשט ער דעם גאַנצן עולם.)

באַר־קאָכבאַ.

איך שווער באַם נאָמען דײַנעם, שימאָן באַר־גיאָרא!
איך שווער באַ אַלע העלדישע באַליבסטע נעמען,
פֿאַר אײַך, פֿאַר אונדז — פֿאַר אַלעמען נעקאָמע נעמען!

אַלע.

פֿאַר אַלעמען נעקאָמע נעמען!



באַר־קאָכבאַ.

צום לעצטן כ'ווענד צו דיר זיך הײַנט:
גאָט! דו העלף נאָר ניט דעם פֿײַנט!
און מיר — מיר וועלן אָן דײַן הילף זיך שוין באַגיין...

יוסי.

די ייִדעס אונדזערע אין שלאַכט זײַנען געגאַנגען
מיט טענץ און מיט געזאַנגען...

(עס צעפֿלאַקערט זיך א שלאַכט־טאַנץ. יוסי, הילעל, עלישא, און נאָך זייער אַלע איבעריקע מיט די שווערדן אין די הענט טאַנצן. דער טאַנץ ווערט וואָס אַמאָל שטאַרקער און באַגײַסטערטער.)

סאָף פֿון צווייטן אקט.

# דריטער אקט

## דאָס ערשטע בילד

באַם שטאטהאלטער רופוס אין פאלאץ. מע ווארט אף סעווערוסן, וועלכן אדריִאנוס קייסער האָט אָפּגערופן פון בריטאניע איבער דער שווערער לאגע אין יעהודא. הײַנט דארף דאָ פאָרקומען א זיצונג פון מיליטער־ראט. אף דער סצענע: אנטאָניוס, רופוס, לוציוס.

לוציוס.

באלד קומט סעווערוס. ס׳קומט אָט יענער העלד,
פאר וועמעס נאָמען ס׳ציטערט גאָר די וועלט...
דערצייל, אנטאָניוס, אונדז די לעצטע נײַס.

אנטאָניוס.

באר־קאָכבא האָט פארפעסטיקט זיך באַנײַס.
ער האָט אזוי פארמויערט זיך, — ניט צוצוקומען.
ער האָט אונדז אין א קלעם ארײַנגענומען...

רופוס.

די לעצטע טעג איך גיי אראָפּ פון זינען:
סעווערוס קומט, ווי וועט ער אונדז געפינען —
אנטלאָפענע, צעשלאָגענע, ווי הינט,
אף אָט דער שאָ באגראָבט מען זיך ווויִנט,
כ׳זאָל אין די אויגן אים ניט דארפן קוקן גלײַך.
בא וועמען פאָדערן וועט רוים — בא אײַך? (צו לוציוסן.)
וואָס וועסטו זאָגן, אייצעגעבער מײַנער?



לוציוס.

עס וועט די זאך פארציִען זיך אף יאָרן —
באר־קאָכבא האָט זיך פריִער גוט באוואָרנט
מיט רוימישן געווער, און נאָכדעם ערשט
איז ער ארויס זיך שלאָגן.

רופוס (מיט פארצווייפלונג).

שטאָט נאָך שטאָט באהערשט...
ס׳האָט אײַנגענומען רוים די גאנצע וועלט,
און דאָ באר־קאָכבא האָט אונדז אף די קני געשטעלט...

אנטאָניוס.

דיך — יאָ... פאר רוים איז נאָך צו פרי,
עס זאָל זי עמעץ שטעלן אף די קני.

רופוס.

דערווײַל די לאגע ווערט פון טאָג צו טאָג מער ערנסט.

(איראָניש.)

מיר וועלן זען, וואָס וועט שוין אופטאָן דאָ סעווערוס...

(עס דערהערט זיך א טרומייט, און באַם ארײַנגאנג שטעלט זיך אויס א וואך. נאָכן צווייטן טרומייט קומט האסטיק ארײַן סעווערוס. די וואך באגעגנט אים מיט אויסגעשרייען: „וויוואט“.)

רופוס.

צווישן שטארקסטע קיניגרײַכן
איז צו רוים ניטאָ קיין גלײַכן!
אף דער וועלט געפינען שווער איז
נאָך א העלד, ווי דו, סעווערוס!

(סעווערוס ענטפערט מיט א באוועגונג פון דער האנט, זעצט זיך אוועק, אָנגעטאָן אין די קריגס־קליידער. רופוס גייט צו צו סעווערוסן.)

כ׳בין דאָ דער שטאטהאלטער פון רוים.

סעווערוס.

איך ווייס — ביסט טורנוס־רופוס...

ר ו פ ו ס.

כ׳טרוים,
אז דו זאָלסט לאָזן שטויב און אש פון שטעט,
די פעלדער זאָלסטו מאכן פעט
מיט בלוט פון די, וואָס אָט שוין באלד צוויי יאָר
זיי האלטן זיך, ניט איינברעכן זיי גאָר.
זיי זיינען בא זיך זייער שטארק,
זיי זיצן איינגעמויערטע אין בארג,
זיי זיצן איינגעגראָבענע אין היילן...

ס ע וו ע ר ו ס.

דאָס ווייס איך אלץ. איצט ווער וועט מיר דערציילן,
אין וועלכן בארג, ווי ברייט איז דאָרט דער טאָל,
האָט איר געפרווט פארנארן זיי אמאָל
פון בארג ארויס, זיך שלאָגן שווערד אף שווערד?
און וויפל פוסגייער בא זיי, און וויפל פערד?
צום טרינקען וואסער נעמען זיי פונוואנען?
די שפייז-לאגערס ווי וויים זיינען פונדאנען?
איז עמעצער פון זייערע פאראן
בא אונדז... אזא מין אָרנטלעכער מאן,
וואָס גרייט איז פאָלגן אונדז אמאָל א גאנג?..

ר ו פ ו ס (צופרידן).

פאראן...

ס ע וו ע ר ו ס.

אָט דאָס איז גוט. דערפאר א דאנק.
נאָר ווער פון אייך גענוי ווייסט זייער צאָל?

ר ו פ ו ס.

ס׳איז שווער צו ענטפערן באשטימט. פון מאָל
צו מאָל זיי ווערן מער, ווי פון דער ערד
זיי וואקסן אויס. איך האָב געהערט:
פינף הונדערט טויזנט מאן פארמאָגט דער פיינט.
דאָס איז געווען — נאָר וויפל האָט ער היינט?



ס ע וו ע ר ו ס.

פארוואָס האָט קיינער ניט געפרווט אים שטערן, —
דער סוינע זאָל זיך אזוי שטארק ניט מערן?

ל ו צ י ו ס.

ווי ס׳ווייזט זיך איצט ארויס: ניט נאָר די יידן
געווען זיינען מיט אונדז ניט שטארק צופרידן.
באדארפט מיט אלעמען זיך אנדערש פירן,
פון דעם — מיר וואָלטן ווייניק־וואָס פארלירן.
מע האָט אין דאָרף דאָס לעצטע צוגענומען, —
דערפאר די ערשטע יענע דאָרפסלייט קומען,
און ניט מיט ליידיקן, זיי קומען מיט געווער,
און בא די יידן ווערט אלץ מער און מער...
אין איין האנט גאָר די ערד — ניט שטענדיק ברענגט עס נוצן.

ס ע וו ע ר ו ס.

און ווער ביסטו?

ל ו צ י ו ס.

איך בין סענאטאָר לוציוס.
איך בין געשיקט אהער פון רוים, אז איך זאָל אכטונג געבן,
צי אדריאנוס׳ פרידנסגייסט ווערט דורכגעפירט אין לעבן...

ס ע וו ע ר ו ס.

פארגעסן האָסטו צוליב וואָס דו ביסט געשיקט,
און האָסט דערלאָזן צו אזא מין קריג?
שלעכט האָסטו אויסגעפילט די פליכטן דיינע...

ל ו צ י ו ס.

איך האָב געוואָרנט זיי, מיט זיי געטיינעט...

ס ע וו ע ר ו ס.

געטאָן האָט אדריאנוס זייער קלוג,
וואָס ער האָט דיך פארשיקט אהער. גענוג
אים די, וואָס זיינען דאָרט געבליבן.

(האלב פאר זיך.)

איך וואָלט אײַך אײנציקווײַז פון דאָרט צעטריבן...
דאָס אָפּטאָן וועט אויך נאָכדעם זײַן ניט שפּעט...

(ווענדט זיך צו אלעמען.)

נאָר ווער איז דאָ אזא, וואָס ווייניק רעדט
און אלץ דערציילט, און ער זאָל זײַן באגלייבט?

אנטאָנ ִיוס (גייט ארויס אפן פאָדערגרונט).

דערלויבט.
ס'האָט רופוס קעגן דעם באר־קאָכבא בײַשטיין ניט געקענט,
און ס'זײַנען פופציק פעסטונגען באַם סוינע אין די הענט.
און שטעט און דערפער אָפּענע־אריבער נײַן הונדערט:
יעהודא, גאליל, שאָמראָן...

סעווערוס (רײַסט אים איבער).

ס'איז מיר א גרויסער ווונדער,
צו וואָס איר טראָגט אפ אָט די אקסלען קעפּ...
גערעכט, באר־קאָכבא! איר זײַט ווערט די קלעפּ!
דערצייל...

אנטאָנ ִיוס.

צו הילף געקומען איז צו אונדז פון סיריען מארצעל.

סעווערוס.

און האָט פון אלע זײַנע מאכנעס דאָ געמאכט א טעל...

אנטאָנ ִיוס.

פון אונטער רײַן געקומען איז צו הילף אורבאן.

סעווערוס.

ווו איז ער איצט, אָט דער בארימטער מאן?

אנטאָנ ִיוס.

ער האָט, ווי פובליוס מארצעל, דעם זעלבן סאָף געהאט:
אוועק אפ יענער־וועלט זיך אייצע האלטן אין סענאט.



סעווערוס.

ווי רופט מען דיך?

אנטאָנ ִיוס.

אנטאָניוס.

סעווערוס.

א רעכטע זאך דערקענט זיך פונדערווײַטן.

(צו רופוסן און לוציוסן.)

און איר וועט אײַער ארבעט מוזן איבערבײַטן:
זיך רויק זעצן אפן ברעג און כאפּן פיש,
דערנאָך געפּרעגלטע דערלאנגען זיי צום טיש,
ווײַל עפּשער ליגט גאָר אײַער גאנצע קראפט אין קיך,
און טרינקען קאָנט איר בעסער, איידער שלאָגן זיך.

(נעמט אראָפּ פון זיך די קריגס־קליידער.)

דערלאנגט צום טיש, נאָר ניט קיין פיש,
מארך און אָקסן־צינגער אפן טיש!

(עס קומט ארײַן רופינא.)

רופוס

(שטעלט פאָר רופינען פאר סעווערוסן).

מײַן פרוי רופינא...

סעווערוס.

גרייט צום דינען.

רופינא (באגריסט אים).

דײַן אָנקומען זאָל ברענגען גליק...

סעווערוס.

אָן גליק כ'פאָר קיינמאָל ניט צוריק!

רופינא (פילדײַסיק רופוסן).

ס'איז אונדזער גאסט דאָך מיד פון וועג
און ס'שטייען פאָר אים שווערע טעג...

(סעווערוסן.)

פאר אונדזער הויז דײַנע פרײַנטשאפט ווײַז.
פארזוך דעם ווײַן און אונדזער שפּײַז.

(מע זעצט זיך אויס בײַ די טישן. נאָכן ערשטן מאָל אויסליידיקן די בעכערס.)

טיבולוס (הויך-פּאַטעטיש).

איך קריג וויל איך אלץ, וואָס דײַן אויג נאָר באַפעלט,
דאָס שענסטע פון אלערליי לענדער באַקומען,
ווייסט אויספאָרן מוזן די גאַנצע וועלט,
אָדער געווינג, אז קיין רוים זאָלסטו קומען.

אלע.

ווייסט אויספאָרן מוזן די גאַנצע וועלט,
אָדער געווינג, אז קיין רוים זאָלסטו קומען.

טיבולוס.

אין מיזרעך — ביז אינדיען הערשט רוים נאָר אליין,
אין מײַרעוו — קיין רוים טראָגן צינזן די גאַלן;
בײַ טעמזע — בריטאַניער, גערמאַנער — בײַם ריין, —
סעווערוס, פאַר דיר אַף די קני טוען פאַלן.

(מע ליידיקט נאָכאמאָל אויס די בעכערס.)

אלע.

בײַ טעמזע — בריטאַניער, גערמאַנער — בײַם ריין, —
סעווערוס, פאַר דיר אַף די קני טוען פאַלן.

רופוס (שיקערלעך).

איך וועל פארלאָזן אלץ און אלעמען און זיך באַזעצן
אין שטילן דאָרף, און דאָרטן וועל איך פרייד געניסן,
ווען רעגנס וועלן מײַנע גערטנער באַגיסן,
און ס'וועט דער טײַך מיט פיש מיר שווער מאַכן די נעצן...

אנטאָניוס.

איך וואָלט עס מיטן גרעסטן פארגעניגן אויסגעהערט
פון יענעם, וואָס איז ניט געבליבן זיצן ווי א רײַטער,
צעקלאַפּט אינמיטן וועג, און קאָן ניט פאָרן ווײַטער...



לוציוס.

און דו וואָלסט מיט דײַן פערד אַרײַנגעפאָרן גלײַך אין סענאַט,
אז מיד ווערן מע זאָל דיר שרײַענדיק: וויוואַט! וויוואַט!

אנטאָניוס.

דאָס ערשטע, וואָס איך וואָלט געטאָן, ווען איך בין נאָר ניט פויל, —
פארשטאָפּן וואָלט איך די סענאַטאָרן מיט שטרוי דאָס מויל:
אלציינס א שפּילכל זײַנען זיי אין האַנט בײַם אימפּעראַטאָר...

רופוס.

זאָל זײַן געווינג: אימפּעריע... רעפּובליק... סענאַטאָר...
אוי, די געשפּרעכן האָבן מיך שוין אויסגעמאַטערט...

(א יונגע פרוי שטייט אויף פון טיש, זינגט.)

אלץ, מיט וואָס איך בין נאָר רײַך,
אלץ איז אָנגעגרייט פאַר אײַך,
גאָר מײַן שיינקײַט, גאָר מײַן פּראַכט
כ'האָב אהער פאַר אײַך געבראַכט.
אלע טירן איך צעעפן,
אין דער פינצטער זאָלט איר טרעפן (צוויי מאָל.)

קומט די נאַכט — איך וואַרט ניט לאַנג:
איינער קומט אַף מײַן געזאַנג,
און דער צווייטער — אַף מײַן ווונק,
דריטער קומט — ווײַל ער איז יונג.

אלע טירן איך צעעפן,
אין דער פינצטער זאָל ער טרעפן. (צוויי מאָל.)

טיבולוס

(דעקלאַמירט שיקערלעך, אלע העלפן אים אונטער מיט געזאַנג).

אָווידיוס דער פּאָעט
געזונגען ליבגעזאַנגען
די פרויען אין די שטעט
און זייערע פארלאַנגען.

אנטאָניוס (און דערנאָך אלע).

די פרויען אין די שטעט
און זייערע פארלאנגען...

טיבולוס.

אָווידיוס דער פּאָעט
די טעמפּלען האָט באזונגען,
ווי פרויען האָבן שפּעט
געטראָפן זיך מיט יונגען...

אנטאָניוס (און דערנאָך אלע).

ווי פרויען האָבן שפּעט
געטראָפן זיך מיט יונגען...

טיבולוס.

אָווידיוס דער פּאָעט!
ווער קאָן באזינגען שענער, —
ווי פרויען אין די שטעט
זיי נארן אָפּ די מענער...

אנטאָניוס (און דערנאָך אלע).

ווי פרויען אין די שטעט
זיי נארן אָפּ די מענער.

רופינא (צו סעווערוסן).

די לעצטע צייט מיין רופוס האָט א ביסל זיך פארלאָרן, —
(ווייזט אפּ לוציוסן.)
און דער — ניט פאר מילכאָמעס איז דער מענטש געבאָרן;
(ווייזט אפּ אנטאָניוסן.)
דערפאר אנטאָניוס — אים וועסטו מיט קיין זאך ניט דערשרעקן.

סעווערוס

(צעלאכט זיך פרעך איר אין פּאָנעם אריין, שיקער).

זאָג, ווער פון אייך באנאכט
גייט איינס דעם צווייטן פריער וועקן?
(עס קומט אריין זאגיר.)



רופוס.

טאנץ, זאגיר!
(ער נעמט זי ארום.)

שטימען.

דערנאָך — צו מיר, דערנאָך — צו מיר.

אנטאָניוס.

טאנץ, זאגיר!

זאגיר.

ס'האָט איינער מיך געשיקט,
שטרענג אָנגעזאָגט האָט מיר...

טיבולוס.

טאנץ, זאגיר!

זאגיר.

ער האָט געזאָגט: זאגיר, קיין צייט פארליר.

לוציוס.

זינג, זאגיר!

שטימען.

זינג, זאגיר!

זאגיר (רופינען).

ער האָט זיך נאָכגעפרעגט אפּ דיר.

רופוס.

טאנץ, זאגיר!

זאגיר

(זינגט און גייט דערנאָך א טאנץ פון א שקלאפן).

אז מע פירט ארויס מיין ליבן
איינעם שלאָגן זיך מיט זיבן —

זײַנע אויגנ רויִק ברענענ,
צווישנ הונדערט — אימ דערקענענ.

ווענ זײַנ פײַנט נעמט מאכנ קרײַזנ,
צו מײַנ ליבנס ברוסט זיכ רײַסנ, —
לאָזט ער צו דעמ פײַנט נאָכ נענטער,
אונ צו מיר די אויגנ ווענדט ער.

ווענ זײַנ פײַנט — ער פאלט אנידער,
אונ מײַנ ליבער שטייט א מידער,
זוכט ער ווידער מיט די אויגנ, —
מיר דער ערשטער זיכ פארנויגנ.

נאָר ווענ ס'איז אימ ניט געראָטנ,
אונ מײַנ ליבער ליגט צעטראָטנ
אפנ זאמד, פונ שלאכט פארמאטערט, —
כ'בינ מיט דיר, מײַנ גלאדיִאטאָר.

(זאגיר בלײַבט ליגנ אפ דער ערד אָנ קויכעס.)

**רופינא** (צו סעווערוסנ. ווײַזט אפ זאגיר).

די נאכט איז לאנג אונ אומרויִק דערצו,
באוויליק זי אונ רופ זי צו.

**סעווערוס.**

אי האלטנ זי אינ בעט אי גרייטנ זיכ אינ שלאכט,
פארביידע זאכנ — קורצ ווערט זײַנ די נאכט.

**זאגיר** (שטייט אופ א פארמאטערטע).

מ'האָט מיכ געשיקט אהער...

**רופינא.**

דאָ אויסער מיר ווער קאָנ דיכ שיקנ — ווער?

**זאגיר.**

מענאשע פרעגט... ערווארט שוינ לאנג...



**רופוס** (ווי אויסגעניכטערט).

אהא... פונקט צו דער צײַט. אָט דאָס איז א געדאנק.

(צו סעווערוסנ.)

דו האָסט געפרעגט, צי איז פאראנ
בא אונדז אזא מינ אָרנטלעכער מאנ,
וואָס גרייט איז...

**רופינא.**

דאָ איז ער!
ארײַנרופנ אהער!..

**סעווערוס.**

א רעגע — ניכטער זאָלנ אלע ווערנ!

(אנטאָניוס גיט א צייכנ, אז אלע זײַטיקע זאָלנ ארויס.)

ווענ ס'רעדט אזא — מיט קאָפ מע דארפ אימ הערנ
אונ קוקנ אימ אינ מויל, פונ אויג ניט לאָזנ...

**רופינא.**

אפ אימ מע קאָנ שוינ רויִק זיכ פארלאָזנ...

**סעווערוס.**

מע טאָר ניט גלייבנ זיי ביז צענטנ דאָר...

**רופוס** (סעווערוסנ).

דערלויב ארײַנרופנ אימ.

**סעווערוס.**

רופ אימ, נאָר...
ער זאָל בא אונדז קיינ סאכ דאָ ניט פארברענגענ —
אזעלכע טראָגנ אָפ אמאָל פיל מערער, ווי זיי ברענגענ...

**רופינא** (צו זאגירנ).

גיי, רופ אימ.

זאגיר.

כ'גיי.

(זאגיר גייט ארויס. עס קומט ארײַנ מענאשע. זאגיר בלײַבט אומבאמערקט אונטערהערנ זייער געשפּרעכ.)

סעווערוס (צו מענאשענ).

ריכטיק, אז אינ אלע ערטער,
ווו באר-קאָכבא קומט, — דערקלערט ער,
אז מיט רוימ איז שוינ פארענדיקט,
אז יעהודא בלײַבט אפ שטענדיק
פרײַ פונ צאָלנ צינז און שטײַער?
אז ער ברענט ארויס מיט פײַער
אלצ, וואָס נאָר אָנ רוימ דערמאָנט?

מענאשע.

כ'וואָלט אײַכ דערציילנ מער געקאָנט: —
דער ערשטער איכ האָב קיינ מילכאָמע ניט געוואָלט.
אינ רוימ, דער מלוכע, כ'האָב ארײַנגעטראָגנ זעק מיט גאָלד
און אָפּגעקויפט די גרענעצ-שטײַערנ, — באצאָלט
פאָרויס פאר וויפל יאָר, — ס'איז רוימ באגלייבט בא מיר,
נאָר ווו באר-קאָכבא האָט זיכ דאָרט געטאָנ א ריר,
צומ אלעמערשטנ האָט ער זיכ פארכאפּט דאָס געלט
פונ גרענעצ-אָפּצאָל, אפ די גרענעצנ צעשטעלט
נאָר זײַנע לײַט...

סעווערוס.

אָט דאָס ביסטו געקומענ זאָגנ?
דו ביסט פאר מיר געקומענ זיכ באקלאָגנ:
דו האָסט בא דײַנע יידנ נאָכ דעמ שטײַער ניט דערנומענ?..

מענאשע.

ניט צוליב דעמ בינ איכ אהער געקומענ.

רופוס.

באקלאָגנ זיכ, מיר דאכט, ער האָט דאָ ניט אפ וועמענ.



סעווערוס (אנטאָניוסנ).

און וועלכנ טייל פלעגט ער בא אָט דעמ יידנ נעמענ?

אנטאָניוס (רוימט אימ איינ).

דעמ ייד — זאָל זײַנ גענוג, און זיכ — ניט צו פארשעמענ.

מענאשע.

אויב וויסנ ווילסטו, וואָס האָט מיכ צו דיר געבראכט:
איכ בינ א ייד — איכ וויל זײַנ פרײַ. נאָר כ'טראכט,
אז אונדז באר-קאָכבא ניט קיינ פרײַהײַט טראָגט,
נאָר אומרוענ און העפקער, כאָטש ער זאָגט...

(נעמט ארויס א מאטבייע.)

אָט זע, וואָס ס'שטייט דאָ אויסגעקריצט...

(גיט איבער סעווערוסנ.)

סעווערוס (צו לוציוסנ).

נעמ, לייענ איבער.
מע זאָגט, א פרעמדע שפּראכ דו נעמסט גלײַכ איבער...

לוציוס (לייענט).

שימאָנ... אלעפ לעכערוט...
שימאָנ... דאָס ערשטע יאָר פונ פרײַהײַט...

(שטילשווײַגנ.)

מענאשע.

זעסט?

סעווערוס.

דערווײַל איכ הער אלצ, און צי ברענגענ וועסט
אזוינס, וואָס טײַערער איז אונדז פונ שטיקל גאָלד, —
מיר וועלנ זענ.

(טוט א שלײַדער די מאטבייע אפ דער ערד. מענאשע בייגט זיכ עטוואָס אָנ, נאָר הייבט זי ניט אופ.)

מ ע נ א ש ע.

מיר דאכט, ס'איז איבעריק מיט גאָלד זיך וואַרפֿן...
מילכאָמע האַלטנדיק, אויך גאָלד מיר דאַרפֿן,
דערצו נאָך — ווײַט פֿון רוים, און פֿון דעם סוינע נאָענט...

ס ע וו ע ר ו ס (מיט א ווייכערן טאָן).

מיט וואָס באַהילפֿיק זײַן וואָלסטו אונדז איצט געקאָנט?
מיר וואָלטן דיר דערפֿאַר באַצאָלט... דעם העכסטן שטײַער...

מ ע נ א ש ע.

עס וואָלט אײַך ניט געלוינט — ס'וואָלט אײַך געקאָסט צו טײַער,
אויב צאָלן מיר פֿאַר דעם — איר וואָלט אין כויוו אַרײַן,
א טיטל שענקען מיר — און ס'וואָלט נאָך ווינציק זײַן.
ס'האָט מיך געפֿירט אַהער מײַן ניכטערער פֿאַרשטאַנד,
דער ווילן, דו זאָלסט ברענגען אָרדענונג בא מיר אין לאַנד,
דער ווונטש, אַז גאָר דער וועלט זאָל הערשן נאָר די האַנט
פֿון רוים;
אַז די צעבונטעוועטע קנעכט בא אונדז — אַרופֿוואַרפֿן א צוים,
און צוליב דעם — איך קאָן דיר אַף די פֿינגער איבערציילן...
(שטילערהייט.)

די ערטער זייערע, די בערג, די חיילן,
דורכוואַנען זיי באַקומען שפּײַז, געווער, —
פֿאַר דעם — טאָן אַלץ איז מיר ניט שווער...
(סעווערוס דערלאַנגט מענאַשען א קאָס.)

ס ע וו ע ר ו ס.

טרינק אויס דעם קאָס פֿאַר א ו נ ד ז ע ר זיג בא אײַך אין לאַנד.
(מענאַשע נעמט דעם קאָס, האַלט א רגע, פֿאַרטראַכט.)

מ ע נ א ש ע.

די ייִדן איז פֿאַרווערט דער ווײַן, וואָס איז געווען אין האַנט
בא געצנדינער, כאָטש... איך האַלט עס פֿאַר קיין זינד,
(דערנענטערט דעם קאָס צום מויל, נאָר טרינקט ניט אויס.)



איך רייד אין נאָמען פֿונעם פֿאָלק, איז וויל איך הערן,
מיט וואָס וועל איך צוריק פֿון דיר צום פֿאָלק זיך קערן...
(מע פֿירט אַרײַן ע ל י ע ז ע ר ן. מענאַשע שטעלט צוריק אַוועק דעם קאָס אײַליק און אומבאַמערקט.)

ס ע וו ע ר ו ס.

און ווער איז דער?

א נ ט אָ נ י ו ס (סעווערוסן).

אין משרעדע — די עלטסטע שאָף.

ע ל י ע ז ע ר.

ס'איז דאָ בא אײַך מײַן קינד...
(פֿאַרכאַפּט זיך.)

געגריסט זײַט, האַרן גנעדיקע...

ס ע וו ע ר ו ס (זייער העפֿלעך).

אַלטער, זײַ געגריסט!
דײַן אויסזען זאָגט — אַן אָנשטענדיקער מאַן דו ביסט.
(צו רופֿוסן און אַנטאָניוסן.)

ער זאָגט: זײַן קינד איז דאָ?

ע ל י ע ז ע ר.

שוין באַלד צוויי יאָר איר האַלט זי דאָ פֿאַרשפּאַרט.

ר ו פֿ י נ א.

פֿאַרוואָס האָסטו אַזאַ מין לאַנגע צײַט געוואַרט
און ניט געקומען ביסטו פֿאַר איר בעטן?

ע ל י ע ז ע ר.

איך בין אַלט...
אויך איצט איך האָב זיך דורכגעריסן מיט געוואַלט.
ס'האָט גאָט מיך איבער אַלע גרענעצן געבראַכט צו אײַך
איך וועל זי אויסקויפֿן — אַף דעם בין איך נאָך רײַך...

ר ו פ ו ס.

דו, אלטער, ווייסט איר ווערט?

ע לִ י ע ז ע ר.

פאר מיר איז זי — דאָס טײַערסטע אפ גאָר דער ערד...
(דערזעט און ווײַזט אפ מענאשען.)
דער מענטש — ער ווייסט.

מ ע נ א ש ע.

זי איז זײַן איינציק קינד.
מיט וואָס האָט זי אזא מין שטראָף פארדינט?

א נ ט אָ נ יִ ו ס.

באר־קאָכבאן קענסטו?

ע לִ י ע ז ע ר.

כ׳האָב אים פון מײַן הויז פארטריבן.

א נ ט אָ נ יִ ו ס.

דערפאר איז זי אים אזוי טרײַ געבליבן,
אז אויך געשמידטערהייט זי האלט מיט אים. און אויב
ער האָט ביז הײַנט זי ניט באפרײַט, איך גלויב,
אז דו וועסט וועלן זען זי א באפרײַטע...

ס ע וו ע ר ו ס.

ווּ איז זי?

א נ ט אָ נ יִ ו ס.

דאָ ניט ווײַט.

ס ע וו ע ר ו ס.

דעם פאָטער ווײַזט זײַן קינד.
(אנטאָניוס און צוויי וואכלײַט אָפּ.)
אצינד רו אָפּ. דו האָסט געפֿעלט אהער געווים.



ע לִ י ע ז ע ר.

ווּ ס׳איז דאָס הארץ, אהינצו אײַלן אויך די פיס.
(זעצט זיך צו.)

ס ע וו ע ר ו ס.

דײַן קינד האלט מיט באר-קאָכבאן,
און דו — געקומען ביסט אהער...

ע לִ י ע ז ע ר.

איך בין א סוינע אים, ווי דו, ווי ער.
(ווײַזט אפ מענאשען.)
מײַן קינד איז אומשולדיק — אויב צוליב אים זי לײַדט,
וועל איך צונויפנעמען די עלטסטע לײַט,
זיך אומשלעפן פון שטאָט צו שטאָט,
ווּ ס׳הערשט נאָך רוים, און בעטן גאָט
פאר דיר, — באר־קאָכבאס נאָמען מאכן אומעטום צו שפּאָט...
גאָט! דו זאָלסט א שטרויכלונג שיקן אים אפ יעדן טראָט.
(שטייט האסטיק אוף.)
א שלאנג זאָל אים באנאכט ארומוויקלען די קני,
און טויט באגעגענען זאָל אים דער אינדערפרי.
וועט עפשער זײַן צו אלע אומגליקן א סאָף.
פאר ווידערשפעניקן דעם קייסער קומט אזא מין שטראָף...
מיר, זקנים, שטייען נאָר פאר שאָלעם שטענדיק...
אקיבא נאָר...
(מע פירט ארײַן פ נ י נ ע ן.)
פנינא!

פ נ י נ א.

פאָטער!
(זי פאלט אים אין די אָרעמס.)

ע לִ י ע ז ע ר.

איך האָב געמיינט, איך וועל שוין קיינמאָל מער ניט זען דיך,
אז מיט מײַן טרויער כ׳וועל אראָפּ אין גרוב.
גאָטס קלאָלע איז ארײַן צו מיר אין שטוב,
ווי נאָר, מײַן קינד, דו ביסט ארויס פון דאָרט.

און איצט—איך וועל נים רירן זיך פון אָרט,
ביז קלאָר וועט ווערן, אַז מײַן קינד איז ריין,
אַז שולדיק איז אין אַלץ באַר־קאָכבאַ נאָר אַליין.

(פנינא באַפרײַט זיך פאַמעלעך פון זײַנע הענט. זי ווענדט זיך צו די רוימער.)

פ נ י נ א.

פירט מיך צוריק אהין, ווו כ'בין געווען!
צי שלאָג מיך, גאָט, מיט בלינדקײַט, כ'זאָל ניט זען
מײַן פאָטער אין זײַן שאַנד. דו האָסט פאַרשעמט

(ווענדט זיך צום פאָטער.)

דײַן פאָלק, אויב דו ביסט דאָ איצט אין דער פרעמד,
און ניט מיט די, וואָס שלאָגן זיך דערפאַר,

(ווײַזט אָף די רוימער.)

אַז דער זאָל מער אָף דיר ניט זײַן קיין האָר.

ל ו צ י ו ס (קוקט איר אַרײַן אין די אויגן).

אַ שאָד דײַן לעבן מיר, דו ביסט נאָך יונג.

פ נ י נ א.

ווען גאָר דאָס פאָלק אין בלוט איז אײַנגעטונקט,
ביסטו געקומען ריינוואַשן מיך איצט,
און שילטסט די האַנט, וואָס דיך פון פײַנט באַשיצט...

א נ ט אָ נ י ו ס (סעווערוסן).

צופיל דערלויבט זי זיך—באַפויל איר שטומען.

ר ו פ ו ס (צו פנינען).

דײַן פאָטער איז באַפרײַען דיך געקומען.

מ ע נ א ש ע.

באַר־קאָכבאַ האָט ניט זי אַליין דערצו דערפירט!..

ע ל י ע ז ע ר.

עס האָט מײַן קינד פון זינען זיך געררירט.

(ער פאַלט אָף די קני און כאַפּט זי אַרום.)



פ נ י נ א.

ניין, פאָטער, הער מיך אויס. אויב שולדיק איז נאָר ער,
און דו ביסט ריין—כ'בין דיר קיין טאָכטער מער!

ע ל י ע ז ע ר.

מײַן קינד! פון פאָטער דײַנעם זאָגסט זיך אָפּ—
גאָטס קלאָלע זאָל דערפאַר אָף דיר אַראָפּ.
זאָלסט פאַרן טויט פאַרגעסן אָן מײַן נאָמען,
און שטאַרבנדיק, ניט קאָנען מיך דערמאָנען. אָמיין.

ס ע וו ע ר ו ס.

צוריק אין פעסטונג!

פ נ י נ א.

ליב וועט איצט מיר זײַן
די נעץ, די קעלט, די נעכט און טעג אָן שײַן,
מײַן טרער וועט לײַכטן מיר באַטאָג, מײַן הייסער רוף
צו אים—וועט וואַרעמען באַנאַכט מײַן גוף,
ביז ער וועט קומען און צעוואַלגערן די ווענט
און מיך אַרויסטראָגן אָף זײַנע שטאַרקע הענט.

א נ ט אָ נ י ו ס.

אין פעסטונג זי!

(מע פירט זי אַרויס. עס קומט האַסטיק אַרײַן אַ רוימער לויפער,
אַ פאַרשטויבטער, אַ פאַרוווּנדעטער.)

ס ע וו ע ר ו ס.

וואָס איז געשען?

ר ו פ י נ א.

וואָס האָט געטראָפן?

ל ו י פ ע ר.

די שלאַכט—פאַרשפּילט.
אַ האַלבער לעגיאָן איז זיך צעלאָפן...

סעווערוס (מענאשענ).

פאר דיר וועט שטענדיק אונדזער טיר זײַנ אָפנ.

(עליִעזערנ.)

דײַנ קינד באפרײַענ בינ איכ גרייט, נאָר, אלטער, גיי,
אינ פאָלק אנ אומצופרידנקײַט פארזיי
מיט דעם באר-קאָכבא אײַערנ.

(צו רופוסנ.)

לעשט אויס די פײַערנ!
פארשטארקט די וואכ!
מאָרגנ טרעטנ מיר ארויס אינ שלאכט!

## דאָס צווייטע בילד

אינ באר-קאָכבאס לאגער. אינ פארשיידענע ווינקלענ — שלאכטלײַט. זיי שלאָפנ אונ שײַערנ דאָס געווער. איינציקווײַז קלײַבנ זיי זיכ אינ א ראָד.

ערשטער (גייט צו).

ס'איז געבליבנ גאנצ מײַנ פאנצער.

צווייטער.

אונ בא מיר דער שפיז — א גאנצער.

דריטער.

אונ בא מיר די שווערד — נאָכ גאנצ.

אלע דרײַ.

א טאנצ! א טאנצ!

פערטער (גייט צו).

ס'איז נאָכ שטײַפ פארגורט מײַנ גארטל.

פינפטער.

אונ אפ מיר דאָס פערד טוט ווארטנ.



זעקסטער.

שטייט אונ ווארט אונ בײַסט די צוים.

אלע זעקס.

יאָגנ גרייט איז עס אפ רוים.

זיבעטער (גייט צו).

אונ בא מיר — א טאש מיט פײַלנ!

אכטער.

איכ בינ גרייט נאָכ לויפנ מײַלנ.

אלע.

קום, אוזיִעל, אינ דער מיט,
אפ דײַנ פײַפל שפיל א ליד.

(אוזיִעל שפילט, נאכמאָני זינגט.)

פײַל אונ בויגנ אָנגעצויגנ,
פלינקער פלי, מײַנ פײַל,
פלי ניט איבער,
זעסט, א גיבער
שטייט דאָרט פאר א מײַל.

ביז די צווייטע פײַל וועט גרייט זײַנ,
פלי זיכ דורכ דערווײַל;
ניט דער ערשטער,
ניט דער לעצטער
פאלנ פונ מײַנ פײַל...

(עס קומט אָנ באר-קאָכבא, גוט געשטימט.)

באר-קאָכבא.

זאָג, נאכמאָני, מיר, פארוואָס קאָנסטו ניט שפילנ
אפ דײַנ פאָטערס פײַפל?

נאכמאָני.

פרעג אוזיִעלנ.

באר־קאָכבא (אוזיִעלן).

דו האָסט אים ניט געלערנט?

אוזיִעל.

זאָל אים לערנען דער,
וואָס האָט געלערנט מיך.

באר־קאָכבא.

ווער?

אוזיִעל.

דער ווינט, דער פויגל און דער רעגן.

באר־קאָכבא.

איז הער, נאכמאָני, אָט וואָס איך וועל בא דיר פרעגן,
ניט פרעגן, ניין, איך האָב געוואָלט דיך עפּעס בעטן.
דו וואָלסט געטאָן דאָס צוליב מיר?

נאכמאָני.

אלץ!

באר־קאָכבא.

אלץ? און אויב ס'וואָלט קאָסטן דיר דײַן לעבן?

נאכמאָני.

אויך א לעבן! דרײַצן יאָר. איך וואָלט פאר דיר עס אָפּגעגעבן.

באר־קאָכבא.

זאָג, וואָס וואָלסטו געטאָן, ווען איך וואָלט דיר געהייסן:
נאכמאָני, נעם א בריוו און, ווי א פויגל, טראָג צו פינינען,
נאָר ווו זי איז — ניט איך, ניט דו און ניט דער פויגל ווייסן...

נאכמאָני.

דו שרײַב נאָר אָן, איך וועל זי שוין געפינען...



וועכטער.

שטילער! שטיל! א רוימער גייט.

נאכמאָני (שפּרינגט ארופ אפ דער וואנט).

ניט איינער גייט, זיי גייען זאלבעצווייט,
און הינטער ביידן זיי זיך שלעפּט א דריטער.

באר־קאָכבא (עלישען).

ווײַזט אויס, אָז וואסער זיצן איז זיי ביטער.
גיי, הילעל, לאָז זיי דורך, דעם טויער עפן,
און איר, — זעצט פאָר דעם טאנץ, רוים זאָל אונדז טרעפן
טאנצנדיק און קלאפנדיק אין טאצן,
זיי זאָלן זען און אפן אָרט דאָ פּלאצן.
(עלישא, יעהושוא, און נאָך זיי אלע מיטאמאָל כאזערן איבער
די טענצ און די געזאנגען.)

כאָר.

שטעט און דערפער נײַן הונדערט,
פופציק פעסטונגען באזונדער
אָפּגענומען בא דעם פײַנט.
יאָנטעוו, פריילעכ זאָל זײַן הײַנט!
(אינמיטן טאנצ קומען אָן: סעווערוס, אָנגעטאָן ווי אן איינפאכער
אָפיצער, מיט אים נאָכ צוויי רוימישע אָפיצערן. מע בינדט זיי אָפּ די
אויגן, דער טאנצ ווערט איבערגעריסן.)

סעווערוס (איראָניש).

כ'באגריס אײַך, זיגער, מיטן יאָנטעוו.

באר־קאָכבא.

איז עפשער וואָלסטו אונדז דעם קאָוועד אָנטאָן —
אין אונדזער יאָנטעוו אויך א כײַלעק נעמען?

סעווערוס.

אין מײַנע פליכטן גייט עס ניט ארײַן.

באר־קאָכבא (צו סעווערוסן).

דאָ אויסער אונדז מער קיינער דארף ניט זײַן?..
(דער אוילעם דערווײַטערט זיך).

און איצט דערלויב דערוויסן זיך, מיט וועמען
איך האָב דעם קאָוועד ווערן דאָ באקאנט.

סעווערוס.

פלאמיניוס־פאביוס, סעווערוס' אדיוטאנט.
(באגריסט באר־קאָכבאן אפן רוימישן שטייגער.)

באר־קאָכבא

(באגריסט אים אפן ייִדישן שטייגער).

פארוואָס האָט ער געשיקט צו מיר אהער
זײַן אדיוטאנט, און ניט אליין געקומען,
איך וואָלט אים ווי געהעריק אופגענומען.
קלײַב אויס דאָס אָרט. אלס גאסט, כ'גיב דיר דאָס רעכט.

סעווערוס.

זאָל זײַן אָט דאָ. איך פיל זיך דאָ ניט שלעכט.
(סעווערוס טוט אויס דאָס געווער און גיט עס איבער עלישען און יעהוישוען.)

באר־קאָכבא.

מיט וואָס האָב איך פארדינט אזא מין ערע,
מײַן פײַנט מיט מיר זאָל ריידן אָן געווער?
ס'איז מיר אפילע גלייבן שווער.

סעווערוס.

אָן וואסער זיצן אונדז איז עפשער שווערער.

באר־קאָכבא.

כ'וועל הייסן, מע זאָל ברענגען וואסער גלײַך.

סעווערוס.

א דאנק. ס'קאָן אויספעלן אמאָל נאָך אײַך.



באר־קאָכבא.

דערווײַל מיט וואסער זײַנען מיר נאָך רײַך.

סעווערוס.

דערלויב מיר מעלדן דיר, נאָך וואָס איך בין געשיקט:
די ברונעמס עפענען זאָלסט אונדז צוריק
און וואסער לאָזן אונדז נאָך הײַנט פארנאכט.
פון זינט דו האָסט די ברונעמס צוגעמאכט,
אויך דײַנע שטארבן אויס דאָרט צענדליקווײַז...

באר־קאָכבא.

נאָר וואסער פעלט אײַך? עפשער פעלט אײַך שפײַז,
און ווײַן, געווער אײַך לײַען אפ א צײַט?
כ'גיב וואסער באלד — נאָר איר די שטאָט באפרײַט...

סעווערוס.

ווען דו וואָלסט אונדז די ברונעמס אומגעקערט...

באר־קאָכבא.

וואָס וואָלט געווען?

סעווערוס.

מיר וואָלטן דיר געשענקט
אָט די, וואָס האָט נאָך דיר זיך שטארק פארבענקט.
עס טרעפט, אויך איר פעלט וואסער אויס.

באר־קאָכבא.

ס'איז פנינא דאָ אין שטאָט?
(בלײַבט דערשטוינט.)

ווארט אויס... ווארט אויס...

(אנטשיידן.)

ס'איז איר געבליבן שוין ניט לאנג צו דאָרשטן, —
ניט הײַנט, איז מאָרגן זײַן וועלן מיר דאָרטן.

ס ע ו ו ע ר ו ס.

איך האָב דיר פאָרלייגן א צווייטע זאך:
געפאנגענע פאראן בא אונדז א סאך
פון אײַערע. זיי קאָנען פרײַ ווערן נאָך הײַנט.
נאָר אויב ביז נאכט קיין וואסער וועט ניט זײַן,
ווי אופגיין נאָר עס וועט דער ערשטער שטערן,
עס וועט ניט זײַן שוין ווער באפרײַט זאָל ווערן.
מע קאָן זיי דאָרט ארויספירן, באפוילן:
א ברודער זאָל א ברודער זײַנעם קוילן,
אליין דער פאָטער זאָל זײַן קינד דערשטעכן...
ביז אָוונט האָסטו צײַט — בארעכן...

ב א ר־ק אָ כ ב א.

דו ביסט ניט ווערט דעם זאמד, וואָס אונטער דײַנע פיס!
די לופט, די שײַן פון טאָג ניט ווערט דו ביסט.
כ׳האָב אויך געפאנגענע... ניט צווינג, איך זאָל דאָס זעלבע טאָג!
זיי קריגן וואסער דאָ און שפײַז, א קלייד אפ אָנצוטאָן...
און נאָר די שליכעס דײַנע האָסטו צו פארדאנקען,
דו וואָלסט פונדאנען ניט אוועקגעגאנגען.

ס ע ו ו ע ר ו ס.

ניט איך, סעוועדוס האָט געהייסן איבערגעבן,
אז מיט דער שפּיל דער בלוטיקער ער ווארט ביז נאכט,
בא אים אין האנט איז איצטער איבער זיי די מאכט,
בא דיר אין האנט — זיי ראטעווען דאָס לעבן.

ב א ר-ק אָ כ ב א (פארטראכט זיך).

דערלויב דערוף דיר ענטפערן דערנאָך.
האָסט עפשער עפעס פאָרלייגן מיר נאָך?

ס ע ו ו ע ר ו ס.

דאָס וויכטיקסטע געלאָזן כ׳האָב אפ לעצט.
ווען דו וואָלסט ויסן נאָר, ווי הויך דיך שעצט
סעווערוס...



ב א ר־ק אָ כ ב א.

גיב אים איבער דאָרט א דאנק
און אז עס טוט מיר זייער, זייער באנק,
וואָס כ׳האָב דעם גרויסן קאָוועד ניט געהאט
צו זעען אים אליין, נאָר זײַן סאָלדאט.

ס ע ו ו ע ר ו ס.

ס׳האָט מיר סעווערוס זייער פיל דערלויבט,
איך בין, ווי ער אליין, בא אים באגלויבט.
ער האָט געשיקט פארטרויען דיר א סאָד:
אז אויב דו וואָלסט איצט אָפּטרעטן פון שטאָט
און וואָלסט פארענדיקט מיט דער גאנצער שפּיל...

ב א ר־ק אָ כ ב א.

שטיל!
קיין וואָרט ניט מער! ניט פרווו מער מײַן געדולד,
ווײַל אפ סעווערוס׳ קאָפּ וועט פאלן דאן די שולד...
(סעווערוס רוקט זיך אָפּ.)

ס ע ו ו ע ר ו ס.

סעווערוס ווײַס פון דיר איז פאר א מײַל,
און פאלן קאָן דײַן פויסט אפ מיר דערווײַל.

ב א ר-ק אָ כ ב א.

געוואגט ווי האָסטו גאָר!

ס ע ו ו ע ר ו ס.

ער מיינט דײַן טויווע נאָר...
מיט רוים דו שלאָגסט זיך שוין אָט באלד דרײַ יאָר.
גענוג. שוין צײַט, דו זאָלסט געניסן,
ווי דו ביסט ווערט... ווען דו וואָלסט שאָלעם שליסן
מיט אונדז... עס וואָלט דיך גלײַך די רוימער מאכט
פאר הערשער איבער גאָר דײַן לאנד געמאכט.
עס איז דײַן גליק אצינד אין דײַנע הענט...
סעווערוסן דאָס טאָן ניט זייער שווער איז...

באר-קאָכבא (טוט זיך א כאפ).

איך בין געווען פארבלענדט!
מיר דאכט, דו ביסט אליין סעווערוס...
(סעווערוס — איז א פארלעגנהייט.)
אומזיסט געווען דיין קרומער גאנג, אומזיסט.
נאָך דיינע ציינ דערקענ איך, ווער דו ביסט.
(סעווערוס ענטפערט ניט.)
וואָס שווייגסטו? וויסנ וויל איך, צי אליינ
סעווערוס רעדט!

סעווערוס (פארביסנ).

סעווערוס וועט צו דיר אהער ניט גיינ.
די ברונעמס עפנסטו, צי ניינ,
אונ דאָס איז אלצ, וואָס דו קאָנסט פונ מיר הערנ.

באר־קאָכבא.

אזוי?

סעווערוס.

אָנ וואסער אויב איך וועל צוריק זיך קערנ,
דער לעצטער טאָג עס קאָנ זיינ היינט
פאר פנינענ אונ פאר אלע דיינע פריינט,
וואָס ווארטנ, דו זאָלסט שענקענ זיי דאָס לעבנ...

באר-קאָכבא.

כ'וועל ביז דער נאכט אנ ענטפער געבנ...

סעווערוס:

איז עפשער וואָלסטו ווארטנ אונדז פארשפאָרט
ביז נאכט, אנ ענטפער געבנ אפנ אָרט?

באר־קאָכבא.

ביז אָוונט האָב איך צייט — דאָס איז מיינ רעכט, —
דערמיט איז צווישנ אונדז פארענדיקט דער געשפרעך.
(באר־קאָכבא קערט זיך אָפּ.)



סעווערוס (שרייט אויס).

איך גיי צוריק!

(עס קומענ אָנ די צוויי רוימישע באגלייטער. סעווערוס טוט אָנ דאָס געווער. עלישא אונ יעהוישוא פארבינדנ זיי אלעמענ די אויגנ אונ פירנ זיי ארויס פונעמ לאגער. די רוימער דערווייטערנ זיך.)

עלישא.

וואָס האָבנ זיי געוואָלט?

באר-קאָכבא.

זיי ווילנ,
באר־קאָכבא זאָל דעמ דאָרשט זיי שטילנ.
אויב ניט, זיי וועלנ דאָרט
מיט אונדזער בלוט דעמ צאָרנ קילנ.
פנינא! ברידער מיינע!
כ'וואָלט מיט מיינ קאָפּ דאָס לעבנ אייך פארהיט,
נאָר וואסער געבנ — וועל איך ניט.

סאָפּ פונ דריטנ אקט.

# פערטער אקט

## דאָס ערשטע בילד

אין טפיסע. פנינא און מענאשע.

פנינא.

אויך איצט, געשמידטערהייט, געפעל איך דיר?

מענאשע.

אלץ, וואָס איך האָב פאר מײַן לעבן אָנגעגרייט,
גרייט בין איך דאָס אויסשפרייטן מיט פרייד
פאר דיר, נאָר קום און קיניג איבער מיר.

פנינא.

מײַן לײַב איז אָפגעצערט, מײַן הויט איז הארט,
דער טויט אהינטער מײַנע אקסלען ווארט.

מענאשע.

איך וועל פאר דיר א היילונג גלײַך געפינען,
די שיפן מײַנע ברענגען וועלן פנינען
דעם זאַלב דעם טײַערסטן דאָס לײַב צו שמירן,
אין טראָגבעטלעך כ'וועל איבער רוים דיך פירן...

פנינא.

נאָך רוים איך בענק ניט שטארק, און אף מײַן ערד, —



אויב זעען מײַן באר־קאָכבא בין איך ווערט, —
צופוס שפאצירן וועט מיר זײַן ניט שווער.

מענאשע.

באר־קאָכבאַן וועסטו שוין ניט זעען מער,
ער איז אין שלאכט געפאלן... ווי א העלד...

פנינא (פארצווייפלט).

דאָס וואָרט האָט דיר אין האלדז זיך נישט געשטעלט!
ווי! פינצטערער געוואָרן איז די וועלט!

מענאשע.

איך האָב געוואָרנט אים: ניט הייב זיך אָן,
ניט זיך אליין — א פאָלק דו שטעלסט אין קאָן!
דער פײַנט אלץ שטארקער ווערט פון שאָ צו שאָ,
און מיר — אלץ שוואכער...

פנינא.

דו וואָס טוסט איצט דאָ?

מענאשע.

געקומען דיך באפרײַען פון די נאסע ווענט,
און וואָס באר־קאָכבא טאָן האָט ניט געקענט
צי ניט געוואָלט — טו איך. איין וואָרט נאָר זאָג —
דו גייסט מיט מיר, — וועסט פרײַ ווערן נאָך היינט ביז טאָג.

פנינא.

באר־קאָכבא לעבט! דו האָסט זיך שוין דערפרייט,
געמיינט, אז אים פארבײַטן בין איך גרייט
אף דיר.

מענאשע.

באר־קאָכבא האָט געוואָלט אף בלוט א טײַך
ארופשווימען און מיט די גרעסטע ווערן גלײַך...

פ נ י נ א.

דאָס פאָלק באפרײַען איז געווען באר־קאָכבאס טרוים.

מ ע נ א ש ע.

דער וועג פון אונדזער פרײַהײַט ליגט דורך רוים.

פ נ י נ א.

מײַן גאָט, מיר פאר א זינד ניט רעכן,
וואָס כ׳אָטעם פון איין לופט מיט דעם פארברעכער.
מיט דעם פארעטער, וואָס צום סוינע לויפט
און פאר א זאק מיט גאָלד זיך קנעכטשאפט קויפט.
און וויל אויך קויפן מיך...

מ ע נ א ש ע (דרייט זיך האסטיק אויס צו איר).

דו, פנינא, מיינסט, אז רוים האָב איך אין זינען.
כ׳וויל פאר מײַן פאָלק די ק ר א פ ט פון רוים געווינען.
פאר האלטן אָרדענונג אין לאנד — קריג, רוים, א העלפט,
דערפאר די צווייטע האלב — באשיצן העלפ
פון פרעמדע הענט, וואָס פליקן נאָכאנאנד
דאָס לאנד, וואָס ליגט בא יעדן אונטער האנט.
און דו — דו רופסט מיך אָן דערפאר פארעטער...
ווער ס׳איז פון אונדז גערעכט — מיר וועלן זען שפעטער.

פ נ י נ א (אויסער זיך).

פון אָט אזעלכע פאלשע, דין־געשפינטע רייד
איז דעם פארעטערס קלייד
פון אייביק אָן געוועבט.
אומזיסט האָסטו אף מיר א נעץ געשפרייט,
באר־קאָכבא לעבט! באר־קאָכבא לעבט!

מ ע נ א ש ע.

איז ווארט אף אים און דאָ אין קעלער בלײַב,
ביז ווערעם וועלן אופרעסן דײַן לײַב,
ביז אויסגיין וועסטו פאר א טראָפּן וואסער, לופט,
און קיינער וועט ניט הערן מער דײַן רוף...
צום לעצטן מאָל איך פרעג, איך בעט, איך וואָרן...



פ נ י נ א.

כ׳וועל שטארבן צוליב אים — כ׳בין צוליב אים געבאָרן.

(מענאשע האסטיק אָפּ. פנינא אליין.)

באר־קאָכבא, אויב אפילע דו ביסט טויט,
דו ביסט געווען גערעכט...
נאָר דאָ צווישן ווענט, אונטער טירן געשלאָסענע,
ווער וועט זיי הערן, די טרערן פארגאָסענע,
ווער וועט זיי קלײַבן, די פערל פארלאָרענע,
ווער וועט דערפרייען מײַן הארץ?

(שטיל, אײַנגעהילט אין א טוך, קומט ארײַן ז א ג י ר.)

זאגיר, מײַן פרײַנט,
ביסט איין מאָל שוין געווען דאָ הײַנט,
ווי ביסטו נאָכאמאָל איצט דורכגעגאנגען?

ז א ג י ר.

די גוטע געטער האָב איך צו פארדאנקען...
הײַנט שטייט דאָרט אף דער וואך א גריך,
וואָס איז, ווי דו, ווי איך,
בא זיי געפאנגען,
ער האָט ניט לאנג גערעדט און גלײַך געזאָגט מיר:
— קריך.

פ נ י נ א.

קיין וואסער איז ניטאָ?

ז א ג י ר.

כ׳האָב ניט געקאָנט מער קריגן.

פ נ י נ א.

אינגאנצן אויסגעטריקנט שטייט דאָס קריגל.

ז א ג י ר.

זיי האלטן דאָך דאָס וואסער אונטער שלאָס,
אויך מיר באקומען וואסער מיט א מאָס.
כ׳האָב, פנינא, ניט אומזיסט געײַלט אהער...

פנינא.

שוין בעסער דאַרשט, שוין בעסער פאַלן פון א שווערד,
ווי הערן דאָס, וואָס איך האָב איצט געהערט:
כ'וועל מײַן באר־קאָכבא קיינמאָל שוין ניט זען מער,—
ס'האָט גאָט באר־קאָכבאס לעבן ניט פארהיט!

זאגיר.

ער לעבט! ער לעבט! ווי מײַנע געטער לעבן...

פנינא.

די געטער דײַנע לעבן ניט.

זאגיר (עטוואָס דערצאָרנט).

זיי לעבן,
ווי דײַן באר־קאָכבא לעבט! א לויפער איז געקומען.

פנינא.

ער לעבט!

זאגיר.

באר-קאָכבא האָט א נײַע פעסטונג ערשט פארנומען.

פנינא.

ער לעבט!

זאגיר.

די רוימער זײַנען זיך צעלאָפן...

פנינא.

איצט קאָן איך ווידער האָפן?!
נאָר איך בין מיד און אָפּגעשוואכט.
די פרייד, וואָס דו האָסט מיר געבראכט,
דארף היילן מיך, נאָר זײַן וועט אויך מיר ליב
דער טויט... עס לעבט באר־קאָכבא!



זאגיר (אנטשלאָסן, נאָר זייער צארט).

פנינא, גיב
א סימען מיר — כ'וועל אײַנשטעלן דאָס לעבן —
זיך דורכרײַסן צו אים און אלץ אים איבערגעבן.

פנינא.

א סימען פרעגסטו? הער:
די גליקלעכסטע כ'וועל זײַן צעווישן פרויען,
אין וואלד מיר וועלן אונדזער כופּע בויען.

זאגיר (כאזערט איבער).

די גליקלעכסטע וועסט זײַן צעווישן פרויען...
ער איז שוין דאָ ניט ווײַט, און ער וועט גיך
די שטאָט פארנעמען און באפרײַען דיך.
און עפּשער מיך?

פנינא.

דיך אויך...

(זאגיר קלײַבט זיך אוועקגיין.)

דו גייסט?..

זאגיר.

איך מוז שוין גיין,
כאָטש ס'טוט מיר באנק דיך לאָזן איצט אליין.

פנינא (דערמונטערט).

נו, גיי געזונט, זאגיר,
דאָס גליק זאָל ווײַזן דיר
דעם וועג.

זאגיר.

אונדזביידן.

(אוועקגייענדיק.)

זיך שיידן הײַנט מיט איר... ווי כ'וואָלט זיך מיט מײַן לעבן
שיידן.

(אָפּ.)

**פ נ י נ א** (אַליין).

מײַן גאָט, די הימלען איר צעפּן,
איר זאָל אין וועג קיין בייז ניט טרעפן.

(פּלוצעם ווי דערשראָקן.)

זאגיר!
דו ביסט דאָ ערשט געווען מיט מיר,
ארויס, און דו ביסט פרײַ — ווײַל פאָרט ביסט ניט געשמידט.
נו, זאָג, זאגיר, דו פרייסט זיך שטארק דערמיט?
ס'ווערט יעדער זאך דאָך ליבער, ווען דו ווערסט זי אָן...
זאגיר, כ'פארגין די פרײַהײַט דיר, נאָר ווען איך קאָן,
דו ווייסט, באר-קאָכבא, וואָס איך וואָלט געטאָן?
איך וואָלט זיך, ווי א ווינטעלע, אין חען
געטראָגן לײַכט צו דיר אריבער בארג און טאָל...
באר-קאָכבא... הײַנט צום ערשטן מאָל
עס טוט מיר וויי, וואָס ווייניק האָסט געקענט
די זיסע ווארעמקײַט פון מײַנע הענט,
דעם שטילן ציטער פון מײַן יונגן לײַב,
וואָס דו האָסט מיך ניט אָנגערופן ווײַב...
זאגיר... זאגיר... גיב איבער אים אזוי:
ס'האָט שוין גענידערט אף מײַן פעלד דער טוי,
דער ווײַנגאָרטן, ער בליט, און איך בין גרייט.
נאָר קום און רײַס די פרוכטן אָפּ.

(זינגט.)

צו מײַן געלעגער טראָגט צו חײַן,
טראָגט עפּל צו און שפּרייט אויס בלומען...
ווען וועלן מיר צוזאמען זײַן?
ווען וועסטו צו מיר קומען?

ווער גייט?

(הערט זיך אײַן.)

באר-קאָכבא — דו? ניין, ניין, ניט ער.
ווי קומט באר-קאָכבא איצט אהער?
די אויגן מאכן זיך מיר צו —
דאָס ביסטו?
די הענט מײַנע, זיי ווערן פרײַ,
ווי פליגלען שפּרייטן זיי זיך אויס...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .



באר-קאָכבא, נעם פונדאנען מיך ארויס!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

(עס קומען אָן לוציוס און אנטאָניוס. אנטאָניוס בלײַבט אומבאמערקט.)

**פ נ י נ א** (דערשראָקן).

ווער איז?

**ל ו צ י ו ס.**

א פרײַנט.

**פ נ י נ א.**

ניטאָ קיין פרײַנט אין אָט די ווענט.

**ל ו צ י ו ס.**

וואָס קוקסטו אזוי ווילד, — דו האָסט מיך ניט דערקענט?

**פ נ י נ א.**

אויב האָסט אמאָל ארײַנגעקוקט אין מײַנע אויגן,
די טרערן אָפּגעוואשן האָבן דײַן געשטאלט...

**ל ו צ י ו ס.**

פארוואָס, מײַן קינד? דו וועסט זיך איבערצײַגן באלד,
ניט אלע רוימער זײַנען שלעכט און גלײַך דערצויגן.
אויב עמעץ האָט דיר בייז געטאָן, כ'וויל טאָן דיר גוטס:
כ'וועל געבן טרינקען...

**פ נ י נ א.**

וואסער... זאָג מיר, וועלכע נוץ
ווילסטו דערפאר פון מיר באקומען?
פאר דאָרשט די צונג, זי קלעפּט זיך מיר צום גומען.

**ל ו צ י ו ס** (אין פארלעגנהײַט).

פאר העלפן אין א נויט איך בעט ניט קיין געצאָלטס —
אַן עכטער רוימער איז מיט מענטשן-ליבע שטאָלץ.

ניט נאָר מיט וואסער שטילן כ'האָב געוואָלט דיַין דאָרשט...
איך האָב זיך נאָכגעפרעגט, כ'האָב אויסגעפאָרשט.
צוליב א קלייניקיַיט, צוליב א וואָרט געשמידט
דו זיצסט, באפריַיען דיך אינגאנצן קאָן איך ניט,
נאָר גרינגער מאכן דיר איז איצטער אויך ניט שפעט,
ווערסט קריגן וואסער באלד...

פנינא.

דער ליַיב, אויב נאָר ער גלעט
דאָס שעפעלע, איז ניט אומזיסט... וואָס דארף איך טאָן?

לוציוס.

אין שטאָט קיין וואסער איז ניטאָ.
זאָג, וואָס וואָלסטו געזאָגט, ווען דו וואָלסט אים געפונען,
דעם מענטש, וואָס האָט פאר אונדז פארשלאָסן אלע ברונעמס,
דעם שולדיקן אין טויט פון איידלסטע און שענסטע פרויען...

פנינא.

כ'וואָלט אפ די קני פאר אים געשטאנען גאנצע שאָען,
איך וואָלט געבעטן וואסער, כ'וואָלט געמאָנט,
איך וואָלט געטאָן אלץ, וואָס איך וואָלט געקאָנט.

לוציוס.

דער שולדיקער געפינט זיך הינטער אָט די ווענט,
די ברונעמס עפענען פאר אונדז וואָלסטו געקענט.
א רוימער איז דאָך אויך א מענטש...

פנינא.

וואָס דארף איך טאָן?

לוציוס.

מיר וועלן דיך ארויספירן צו אים און מאָן
די ברונעמס עפענען... זאָג, קינדער גייען אויס,
און זאָג: ס'האָט קיינער ניט געצווונגען דיך ארויס...



פנינא.

ווי הייסט דער שולדיקער?

לוציוס.

באר־קאָכבא, דאכט מיר.

פנינא.

באר-קאָכבא! דו?!

(פארטראכט זיך א רעגע. פאר זיך.)

עס האָט דיַין פיַינט פון דיר א גוטן גרוס געבראכט מיר.

(צו לוציוס.)

איך גיי. ער וועט צעעפענען די ברונעמס צוליב מיר.
ער וועט אײַך געבן טרינקען וואסער — צוליב מיר.

לוציוס.

דו ווערסט באלד זען דעם, וואָס דו האָסט ליב.

פנינא.

די ליפן מיר באנעצן גיב.

(אנטאָניוס דערלאנגט איר וואסער, זי טרינקט דורשטיק.)

און איצטער הייס מיך אָפבינדן פון קייט.

(אנטאָניוס באפריַיט זי פון קייט.)

ווי קאָן איך גיין צו אים אזוי געקליידט?

לוציוס.

כ'האָב אלץ פאָרויסגעזען, כ'האָב אלץ פארגרייט.

(אנטאָניוס דערלאנגט איר איר קלייד. פנינא אָפ אין ווינקל זיך איבערטאָן.
צו אנטאָניוסן.)

ביז זי וועט אויסגיסן איר ביטער הארץ פאר אים...
דערוויַיל פאר יעדן טייל אן אָרט, א ציַיט באשטימט,
ס'וועט זייער ביידנס פרייד ניט האָבן גאָר קיין ברעג...

אנטאָניוס.

עס זיַינען שוין די טיילן מיַינע גרייט אין וועג.
פון רעכטס און לינקס—פארשליסן אין א קריַיז,
(עס קערט זיך אום פנינא און בליַיבט אונטערהערן.)

און פאר באר־קאָכבאס קאָפּ באשטימט האָב איך א פּרײַז.
זיי האָבן שוין א לאנגע צײַט זיך ניט געזען,
ער וועט אפילע גאָר ניט וויסן, ווען
מיר האָבן אים ארײַנגעכאפּט אין קלעם...

פּ נ י נ א (פאר זיך).

א בייזע שפּיל... ס'איז אלץ פארטראכט נאָר צוליב דעם!
צו פרי איר פרייט זיך נאָך — ס'וועט ניט געשען!
באר־קאָכבא, ניין, כ'וועל קיינמאָל דיך ניט זען...
מײַן הארץ, זײַ שטארק! באר־קאָכבאן ניט פארשעמ!
(פנינא גייט ארויס אפן פאָדערגרונט.)
און איצטער קאָן איך גיין דײַן ווילן טאָן.

לוצ ִי וס.

געדענק, אז ניט נאָר פנינעס לעבן שטייט אין קאָן,
אריבער אלע אײַערע — די שווערד, זי הענגט,
ס'איז זייער לעבן איצט בא דיר אין האנט — געדענק!
וואָס וועסטו זאָגן אים?

פּ נ י נ א.

אז אויסגיין בין איך גרייט פאר דאָרשט, און קינדער וועלן גערן
פון זייער מוטערס ברוסט די מײַלכעלעך פארקערן,
מיט טרערן וועלן פרויען שטילן זייער דאָרשט, מיט טרערן...
(אנטאָניוס כאפּט זי פאר די הענט.)
עס וועלן אלטע לײַט זיך אָפּזאָגן די ליפּן צו באנעצן.

לוצ ִי וס.

צוריק זי אפּ דער קייט אנידערזעצן!

פּ נ י נ א (רײַסט זיך אויס).

באר־קאָכבא, ווען דאָס פאָלק איז דיר נאָר טײַער,—
אויב ניט מיט וואסער — נעם די שטאָט מיט פײַ..!
(אנטאָניוס דערשטעכט זי. פנינא מיט די לעצטע קויכעס.)
מײַן לעצטער אָטעם — דיר, באר-קאָכבא,
מײַן לעצטער אָטעם — דיר, מײַן פאָלק...



# דאָס צווייטע בילד

באגינענ אין באר־קאָכבאס לאגער. אפ דער ערד — שלאָפנדיקע שלאכטלײַט. בא דער זײַט — פאנצערס און קרוגן וואסער. א ו ז ִ י ע ל שטייט אפ דער וואך בא באר־קאָכבאס בײַדל. ב א ר־ק אָ כ ב א זיצט ניט ווײַט פון דעם בײַדל, זינגט.

ב א ר־ק אָ כ ב א.

ס'גייט די זון אויף און זי שײַנט
אונדז אזוי, ווי אונדזער פײַנט.
וואָס וועט ברענגען הײַנט דער טאָג?
עפּשער ווייסטו, וועכטער, זאָג.

שוימער מא מילײַלאָ?
שוימער מא מילייל?
עפּשער ווייסטו, וועכטער,
וועכטער, מיר דערצייל.

נאָך דער שלאכט ארום דעם בארג —
מײַנע העלדן שלאָפן שטארק;
אָפּגעטריבן קוים דעם פײַנט, —
וואָס דערווארט אונדז ווידער הײַנט?

שוימער מא מילײַלאָ?
שוימער מא מילייל?
עפּשער ווייסטו, וועכטער,
וועכטער, גיך דערצייל.
(א רעגע שטילשווײַגן.)
נו, אוזיִעל, וואָס האָט אונדז געבראכט
די נאכט?

א ו ז ִ י ע ל.

איך האָב געקוקט אפּ מײַרעוו,
איך האָב געקוקט אפּ צאָפן,
שטיל — ס'איז קיין זאך ניט פארלאָפן...

ב א ר־ק אָ כ ב א.

צו שטיל... מײַן אויער איז געוווינט צו קלעפּ,
צום קלאנג פון שטאָל אָן שטאָל — דערמיט איך לעב,

מיט דעם כ'שטיי אוף, מיט דעם — איך לייג זיך שלאָפֿן...
איז וואָס זאָגסטו — ס'איז קיין זאַך ניט פֿאַרלאָפֿן?..

א ו ז י ע ל.

ניין... איך האָב געקוקט אַף מיזרעך,
איך האָב געקוקט אַף דאָרעם,
אַף גאָר דעם וועג — עס וואַלגערן זיך פּגאָרים.
אַ סאַך, אַ סאַך דער סוינע האָט פֿאַרלאָרן...

ב א ר־ק אָ כ ב א.

אויך אונדז ניט ווייניק האָט געקאָסט,
מיר האָבן אויך אַ סאַך גיבוירים אַפֿן וועג געלאָזט.
דער טויט האָט צווישן אונדז זיך טיף פֿאַרקליבן...

א ו ז י ע ל.

דערפֿאַר די שטאָט איז אונדזערע געבליבן...
פֿון זינט זיי האָבן אונדז פֿון פֿעסטונג אָפּגעטריבן,
וואָס ווײַטער גייט אַלץ באַרג־אַראָפּ,
שטאָט נאָך שטאָט צוריק זיי נעמען אָפּ...

ב א ר־ק אָ כ ב א (זינגט טרויעריק).

כ'בין צו דיר אַראָפּ אין טאָל,
די בערג פֿאַרלאָזן און די היילן,
לאָז הערן, ליבסטע, מיך דײַן קאָל —
מײַן בענקשאַפֿט אויסצוהיילן.

(ער גייט צו נאָענט צו אוזיעלן.)

אוזיעל, ווי מיינסטו, זי לעבט?

א ו ז י ע ל.

ווער?

ב א ר־ק אָ כ ב א.

דו ווייסט ניט ווער?



א ו ז י ע ל.

באַר־קאָכבאַ, הער:
ערשט הײַנט באַנאַכט,
איך שטיי אַזוי זיך אַף דער וואַך...
ניין, ניט געדרעמלט, כ'האָב זיך נאָר פֿאַרטראַכט,
און ס'זײַנען פּלוצעם מיר אַרויפֿגעקומען אַפֿן זינען...
ווייסטו ווער?

ב א ר־ק אָ כ ב א.

ווער?

א ו ז י ע ל.

דו מיט פּנינען.

ב א ר־ק אָ כ ב א.

דערציייל, דערצייל. דו האָסט געזען זי פֿונדערנאָענטן?
און וואָס איז זי געווען געקליידט?

א ו ז י ע ל.

אין שענסטן יאָנטעוודיקן אָנטאָן,
און איך האָב ביידן אײַך דעם גאַנצן וועג באַגלייט
אַף מײַן טרומייט,
וואָס כ'האָב געבראַכט נאָך פֿון דער היים,
וואָס אויסגעקנאָטן כ'האָב פֿון בעסטן רויטן ליים...

ב א ר־ק אָ כ ב א.

פֿונדעסטוועגן האָסט לאָזן אונדז באַדאַרפֿט אַליין.

א ו ז י ע ל.

איך האָב זיך אויפֿגעכאַפּט — דערהערט אַ שווערן קרעכץ,
דערזען: דו קערסט זיך אַלץ — פֿון לינקס אַף רעכטס,
ווי עמעץ וואָלט געפּײַניקט דיך אין שלאָף...

ב א ר־ק אָ כ ב א.

פֿאַרוואָס בין איך אַזוי געשטראָפֿט?
ניין, עפּעס איז מיט איר געשען.

איך האָב זי אויך די נאכט געזען.
ס'איז עמעצ איבער איר געשטאנען.
די ווערטער אירע האָב איך קוים פארשטאנען,
כ'האָב נאָר געהערט פארצווייפלונג אין איר שטים:
באר־קאָכבא! זע, פאר אלצ, פאר אלצ באצאָל אים.
איך האָב געוואָלט דערשטיקן אים — נאָר ס'איז געווען א כאָלעם...

### א ו ז י ע ל.

שוימער מא מילײלאָ?
שוימער מא מילײל...

(אפן וועג באווייזן זיך שאָטנס. באר־קאָכבא נעמט זיך פארנ־
געוויר. אוזיעל גייט גלייך אנטקעגן די שאָטנס. עס קומט אָן
נ א כ מ אָ נ י. עס גייט אים אנטקעגן באר־קאָכבא.)

### נ א כ מ אָ נ י.

מיר האָבן דיר געפאנגענע געבראכט...
באנאכט
מיר האָבן זיי פארהאלטן אפן וועג.

### ב א ר־ק אָ כ ב א.

צו מיר זיי ברענגען.

### נ א כ מ אָ נ י.

זיי האָבן זיך בא אונדז געבעטן,
מיר זאָלן זיי דאָס לעבן שענקען...
זיי האָבן זיך געפרעגט אפ דיר און גייען אָן געוויר.
(אָפ. עס קומט ע ל י ש א מיט צוויי געפאנגענע, א פ א ר ט ע ר
און א ס י ר י ע ר.)

### ד ע ר ס י ר י ע ר.

באר־קאָכבא איז דאָ ווער?

### א ו ז י ע ל.

ער.



### ד ע ר ס י ר י ע ר.

ס'איז אונדזער לעבן איצט בא דיר אין האנט.
מיר לעבן זייער לאנג שוין דאָ אין לאנד,
מיר זיינען דאָ געבאָרן און געוואָרן אלט,
און איצט — דו יאָגסט ארויס אונדז מיט געוואלט?
עס איז פון דיר אונדז אָנגעקומען א באפעל:
מע זאָל אונדז אלעמען פאריאָגן פונעם פעלד
און פון די הייזער אונדז פארטרייבן.
אז ווער ס'איז ניט קיין ייד, דער זאָל אין לאנד ניט בלייבן.
ווען דו באפוילסט אונדז אויסשעכטן,
וואָלט אונדז געווען גרינגער!

### ב א ר־ק אָ כ ב א (שטייט האסטיק אוף).

איך וועל אייך הייסן אָפשניידן די צינגער —
איר האָט א שלעכטן גאנג זיך אויסגעקליבן:
איר לייגט, איך האָב אזעלכעס קיינמאָל ניט געשריבן...
(אוזיעלן.)

דערווייל פיר אָפ זיי און פארשפאר.
(מע פירט זיי ארויס.)

דערנאָך ניט ווארט,
גלייך יויסין ברענג, זאָג, אים באר־קאָכבא רופט.
(אוזיעל אָפ.)

### ב א ר־ק אָ כ ב א.

עלישא, ווי מיינסטו, דעם סוינע האָבן מיר אפ לאנג פארטריבן?
ס'איז ווייניק שפיין געבליבן.

### ע ל י ש א.

פון שטאָט ארויסגיין וועלן מיר געוויס באווייזן,
אָט זעסט, צוריק, איך ווייס ניט, צי דער וועג וועט פריי זיין.
ס'איז ווינציק וואסער אויך... כ'האָב שוין געהערט: מע רעדט,
מע דארפ זיך אונטערגעבן, ביז עס איז ניט שפעט.

### ב א ר־ק אָ כ ב א.

ווער רעדט?

עלישא.

ער וועט שוין מער ניט ריידן.

באר־קאָכבא.

זאָג מיר ווער?

עלישא.

צוריק אים אופלעבן אפילע דיר עס וועט זײַן שווער.

(באר־קאָכבא בלײַבט זיצן שטיל. עלישא ווארט אָפ א רעגע און זעצט פאָר.)

שוין רעגנס־צײַט, און זע, די זון גאָר אָן ראכמאָנעס שײַנט,
נאָר זאָרג זיך ניט, עס קאָן א שלאקכרעגנ אראָפ נאָך הײַנט,
מיט וואסער אָנפילן די גריבער,
און ניט נאָר פול מאכן, נאָר ס'זאָל אריבער.

(עס קומט צו יויסי א באוואָפנטער.)

יויסי.

דו האָסט געשיקט מיך אופוועקן. וואָס האָט געטראָפן?

באר־קאָכבא.

ביסט נאָך פארשלאָפן?

יויסי.

איך האָב זיך נאָך ניט אויסגערוט. מע זאָגט, מע האָט געבראכט
געפאנגענע — דו ווילסט זיי מישפעטן, האָב איך געהערט.
דער פײַנט גיט איבער אונדז צום שארף פון שווערד,
מיר דארפן טאָן דאָס זעלבע אויך מיט אים, און כ'טראכט:
עס איז אפילע איבעריק גאָר דער געריכט...

באר־קאָכבא.

ניט זיי איך קלײַב זיך מישפעטן — נאָר דיך...

(יויסי צעלאכט זיך ווילדגעריש און רײַסט איבער אינמיטן.)

יויסי.

פאר וואָס? כ'בין ריין פון זינד.



באר־קאָכבא.

אָט ווי אַן ערשט געבאָרן קינד,
נאָר טויטשטראָף האָסט פארדינט.

יויסי.

איך?

באר־קאָכבא.

דו!
פון א באפעל אזא האָסטו געהערט?
אז ווער ס'איז ניט קיין ייִד — פארלאָזן מוז די ערד,
אָפ וועלכער ער און זײַנע זיידעס לעבן?
ווער האָט דיר רעכט אָפ דעם געגעבן?
דו האָסט באר־קאָכבאס נאָמען אויסגענוצט...
זאָג, ווען האָסט דערמיט געוואָלט טאָן גוטס?
דו, יויסי, ווייסט, וואָס דאָס באטײַט
אין אזא צײַט, ווען זײַט בא זײַט
מיט מיר זיך שלאָגן ניט נאָר ייִדן,
נאָר גריכן, סיריער, וועלכע זײַנען ניט צופרידן
מיט רוים, זיך שלאָגן איצט מיט אונדז צוזאמען,
דו וואָלסט פאר א באפעל אזא מין
פונדאנען מער שוין ניט ארויס,
כאָטש דײַן פארדינסט ביז הײַנט איז גרויס.
צי, יויסי, דו פארשטייסט עס ניט?
דער סיריער, און דער פארטער, און דער גריך —
זיי ווילן פרײַ ווערן פון רוים אזוי ווי איך,
בא אלעמען בא אונדז דער זעלבער ציל...

יויסי.

ניין, איך — פארגיסן בלוט איך וויל
פאר זיך — דאָס לאנד זאָל בלײַבן פרײַ
פאר ייִדן נאָר, און אויב דערבײַ
עס דארף דער גריך זײַן פעלד פארלירן,
דער סיריער דארף אוועק צו זיך קיין סיריען —
א שאָד... נאָר וויסן וועט דער גריך,
אז באלעבאָס אין לאנד בין איך,
און זייער גורל ליגט בא אונדז אין האנט.

### באר־קאָכבא.

װער ס'גײט דאָס לאנד באפרײַען — יענעמס איז דאָס לאנד.

(צו אוזיִעלן.)

פיר זײ ארײַן...

### יויסי.

נו, אויב אזוי — באפרײַ מיך פון מײַן פליכט.

(נעמט אויסטאָן דאָס געװער.)

### באר־קאָכבא.

צו פרי... דו דארפסט נאָך שטײן פארן געריכט...

### יויסי

(זעצט פאָר אויסטאָן זיך).

ס'קאָן יויסי טאָן דען אלץ, װי דו פארשטײסט?

### באר־קאָכבא.

דאָ דארפסטו טאָן אלץ, װאָס באר־קאָכבא הײסט.

(אוזיִעל קומט אָן מיט די געפאנגענע.)

א באפעל א צװײטן װעסטו מוזן שרײַבן,
די אלע מענטשן זאָלן אפ די ערטער בלײַבן:
יעדער בא זײַן גאָרטן, יעדער בא זײַן שײַער,
און די, װאָס העלפן מיר, — באפרײַען אויך פון שטײַער.

(יויסי קלײַבט זיך ארויסגײן.)

ס'קאָן דער געבונדענער אלײן זיך ניט באפרײַען!

### יויסי.

זאָג, עפשער זאָל איך אפ די קני זיך שטעלן
פאר זײ?

### באר-קאָכבא.

אז איך װעל הײסן — װעט שוין זײַן צו שפעט.
באגריסן זײ, װי פרײַנט. איך װארט.

(יויסי פארנײגט עטװאָס דעם קאָפ.)

איצט גײ און נעם א ברעט



און מיט דײַן האנט אלײן שרײַב אָן, אז די באפעלן,
װאָס דו האָסט אָפּגעגעבן, — זײַנען גאָרניט װערט,
אז דו האָסט מיר געשװאָרן בא דער שװערד
אזעלכעס מער ניט טאָן...

(באר־קאָכבא דערלאנגט אים זײַן שװערד. יויסי באריִרט זי קוים מיט די ליפן.)

איצט ריכט זײ אויס,
באװאָרן — זײ זאָלן אָן שטערונגען ארויס...

### פארטער (באר־קאָכבאן).

אויך צװישן אונדז דײַן נאָמען װעט איצט װערן גרויס,
און דײַן גערעכטיקײַט פארשפרײט ארום אין אלע לענדער...

(יויסי, דער סיריער און דער פארטער — אָפּ. אוזיִעל נאָך זײ.)

### עלישא.

עס האָט זיך יויסי זײער שטארק געענדערט:
מיט אײן יאָר פריִער איז ער גרײט געװען דיר
דאָס לעבן אָפּגעבן פאר יעדן אײנעם,
װאָס גײט אנטקעגן רוים מיט אים אינאײנעם,
און הײַנט — אויב ניט קײן ייִד, —
ער גלײבט אים ניט,
ער האלט מיט אים זיך פרעמד און װײַט,
ער האָט אים פײַנט אפילע — נאָר ער לײַדט.

### באר־קאָכבא.

איך קאָן עס ניט פארשטײן. ס'איז מיר גאָר פרעמד
אָט דאָס געפיל. כ'װאָלט זיך מיט דעם געשעמט.

(פלוצעם זײער רויִק, נאָר הארב.)

פאר דעם באפעל און פאר אזוינע גאנגען
איך װעל אים ניט באדאנקען...

(עס דערהערט זיך א טרומײט. עס קומט אָן יעהוישוא אין װאָפן.)

### יעהוישוא.

ס'איז נעכטן דאָ געװען א שװערע שלאכט...

עלישא.

ערשט ווען צוגעפאלן איז די נאכט,
די לעצטע זײַנען אָפּגעטראָטן.

יעהוישוא.

און אונדזערע?

באר־קאָכבא.

א סאך.

יעהוישוא.

פאראט! כ׳לייג אײַן דעם קאָפּ, אויב בא דעם פײַנט
איז ניט פאראן
א האנט פון אונדזערע, ווײַל אנדערש קאָן ניט זײַן,
זיי זאָלן דורך דעם וועג אהער אין שטאָט ארײַן.
דער וועג געווען איז אומבאוווסט.
פון אונדזערע דאָרט זיצן מוז
אזא, וואָס פירט צוזאמען מיט סעווערוס די מילכאָמע...

באר־קאָכבא (רויק, נאָר אנטשלאָסן).

כ׳קאָן אָנרופן זײַן נאָמען...

(פון דער הייך פאלט אראָפּ א פײַל, און אף דער פײַל אף פארמעט א צעטל. עלישא גיט איבער באר־קאָכבאן דאָס צעטל. באר־קאָכבא לייענט אין דער הייך.)

„צו אלע די, וואָס האָבן ווייניק ברויט
און וואסער ווייניק.
צו די, וואָס האָבן זיך פארייניקט
ארום באר־קאָכבאן, וועלכער פירט אײַך צו א הונגער־טויט!..
דאָס לעבן קויפן זיך איר קאָנט:
די רוימער אָנפירונג בא אײַך נאָר מאָנט
באר־קאָכבאס קאָפּ.
און די באלאגערונג זיי נעמען גלײַך אראָפּ,
אפילע הײַנט.
דאָס וואָרנט אײַך א גוטער־פרײַנט,



וואָס איז מיט אײַך — איין פלייש און ביין...
ס׳איז אײַער לעבן אין די הענט בא אײַך אליין".

(באר־קאָכבא צעלאכט זיך.)

ווײַזט אויס, עס איז מײַן קאָפּ נאָך עפּעס ווערט...
און עפשער וואָלט איר טאקע זיך באקלערט:
צוליב באר־קאָכבאס קאָפּ א שטאָט, א פאָלק עס לײַדט...

יעהוישוא.

צו פירן שפּאס ניט איצטער איז די צײַט,
ניט דאָ דאָס אָרט.

באר־קאָכבא.

נאָר איצט איז אײַך שוין קלאָר,
אז אומעטום איז נאָר מענאשעס האנט?

עלישא.

ער האָט פארקויפט דעם פײַנט דאָס לאנד.

יעהוישוא.

אין שטאָט, פונוואנען כ׳קום,
פון דאָרשט און הונגער קומט מען אום:
סעווערוס האָט פארשפּארט אונדז אין א קרײַז,
און ניט קיין וואסער צופירן און ניט קיין שפּײַז:
מע מוז די שטאָט ארויסרײַסן פון קלעם.
איך בין אהער געקומען צוליב דעם.

עלישא.

מע טאָר קיין טאָג זיך מער ניט זאמען.

באר־קאָכבא.

מיר וועלן מאָרגן זײַן מיט אײַך צוזאמען.

עלישא.

מיר זײַנען גרייט — באשטים נאָר, ווען
דו שיקסט. מיט יויסינ וואָס וועט זײַן?

### באר־קאָכבא.

יויסי וועט דאָס מאָל ניט אָנטייל נעמען.

### יעהוישוא.

ער איז פארוווּנדעט?

### באר־קאָכבא.

ניין, באשטראָפט.

### יעהוישוא.

פאר וואָס?

### עלישא.

ער האָט פארדינט די שטראָף. דו האָב ניט קיין פארדראָס,
דו וועסט זיך אַלץ דערוויסן.

### באר־קאָכבא.

אזוי, אז מיר באשליסן:
צוויי מאכנעס גייען הײַנט פון שטאָט ארויס.
ניט ביידע מיטאמאָל, נאָר איינע גייט פאָרויס.
די ערשטע פירט יעהוישוא, און, עלישא; דו —
די צווייטע. ביז דער נאכט איר גרייט זיך צו.
און צו פארטאָג — דעם פײַנט ארום פארגייט.
איר זעט אים טרעפן אומגעריכטערהייט
ארום די טויערן פון שטאָט.
צוריק — ניט אָפּטרעטן קיין טראָט
ביז לעצטן מענטש און לעצטער שווערד!
(עס דערהערט זיך א געשאַל פון טרומייטן.)
וואָס איז געשען דאָרט — איר הערט?

(זיי לויפן אלע ארויס. עס קומט אָן הילעל. נאָך אים — א מאכנע
שלאכטלײַט מיט טראָפייען פון רוים — א גאָלדענער אָדלער, פאָנען און
געפאנגענע. צווישן זיי — זאגיר. מע כאפט זיך קושן, ארומנעמען.
די געפאנגענע פירט מען אָפּ אָן א זײַט. ארום זיי אפ דער וואך שטייט
דער קוסי. א גרויסע אופלעבונג.)



### הילעל.

באר־קאָכבא האָט פאָרויס דעם פײַנט געטריבן,
און הילעל האָט פון הינטן זיך פארקליבן,
און דאָס איז גאָר, וואָס פונעם סוינעס מאכנע איז געבליבן.
(באווײַזט אף די געפאנגענע.)

### זאגיר

(צום קוסי, ווײַזט אף באר־קאָכבאן).

אָט דאָס איז ער?
(דער קוסי שאָקלט מיטן קאָפּ אף יאָ.)

### באר-קאָכבא.

און זי — ווי קומט אהער?

### הילעל.

מיט זיי צוזאמען
זי איז אף אונדזער זײַט אריבער...
(באר־קאָכבא גייט צו צו די געפאנגענע. אלע פארנייגן זיך פאר אים.)

### באר־קאָכבא (צו די געפאנגענע).

איר האָט שוין לאנג געגעסן און געטרונקען? (זיי שווײַגן.)

### הילעל.

ער פרעגט, צי לײַדט איר הונגער? (זיי ענטפערן ניט.)

### באר-קאָכבא.

איז, ערשטנס, פירט זיי אָפּ און גיט זיי עסן.

### איין געפאנגענער.

מיר וועלן דיר דאָס קיינמאָל ניט פארגעסן.

### באר־קאָכבא (צו זאגירן).

און דו, וואָס קוקסטו אַלץ אראָפּ?
נאָך דיר ניט שווער איז צו דערקאָנען,

אז דו ביסט ניט קיין רוימישע מאטראָנע.
הייב אוף דעם קאָפּ
און קוק מיר אין די אויגן גלײַך:
וואָס האָט געצווונגען אײַך
אהער, צום פײַנט, אריבערלויפן?
מיר קאָנען טויטן אײַך צי אײַך פארקויפן
אריבער יאמען — ווײַט, פאר שקלאפנס און פאר קנעכט,
איך האָב דאָס רעכט
טאָן אלץ מיט אײַך, ווי מיר געפעלט.

זאגיר.

העלד!
וואָס וועט זיך ענדערן, דאָך נאָר דאָס אָרט.
א שקלאפן כ'בין געווען אויך דאָרט.
אויך זיי געוועזן זײַנען קנעכט ביז הײַנט,
געלאָפן זײַנען מיר, נאָר ניט צום פײַנט.
קאָנסט טויטן מיך — אף דעם דאָס רעכט האָסטו,
איך האָב אליין זיי אײַנגערעדט דערצו,
אז בעסער איז צו זײַן בא דיר געפאנגען...

באר־קאָכבא (שטרענג).

נאָך וואָס ביסטו אהער געגאנגען?

זאגיר.

צו זעען דיך — כ'האָב נאָר פון דיר געהערט.
דערפרייען דיך — נאָר ס'איז מיר ניט באשערט...

באר־קאָכבא.

דו האָסט יעדיעס מיר געבראכט,
ווען ס'גרייט סעווערוס זיך אין שלאכט?

זאגיר.

ניין, ניין...
„די גליקלעכסטע כ'וועל זײַן צווישן פרויען,
אין וואלד מיר וועלן אונדזער כופּע בויען"...
(באר־קאָכבא בלײַבט דערשטוינט.)



באר־קאָכבא.

פון וועמען האָסטו דאָס געהערט?

זאגיר.

פון איר אליין.
כ'האָב איר געזאָגט, איך קלײַב זיך איבערגיין
צו דיר אהער.

באר־קאָכבא.

און אז איך לעב, זי ווייסט?

זאגיר.

זי האָט געוווּסט.

באר־קאָכבא.

וואָס הייסט?

זאגיר.

ווײַל איצט זי ווייסט שוין ניט.

באר־קאָכבא.

וועסט גיין צו איר צוריק.

זאגיר.

צוריק, מײַן האר, ניט שיק,
איך וועל ניט גיין.

באר־קאָכבא.

זי לעבט, צי ניין?

זאגיר.

ניין...
(באר־קאָכבא פאלט אף דער ערד און בלײַבט ליגן ווי פארגליווערט.)
די געטער האָבן מיר א שווערע פליכט פארטרויט:
איר זאָגן, אז דו לעבסט, און דיר — אז זי איז טויט.

### באַר־קאָכבאַ.

עלישאַ, יעהושואַ, גייט.
ביז נאַכט בלײַבט ווייניק צײַט.
און זי — מיט קאָוועד נעמט זי אויף און זי באַפרײַט...
(זאַגיר פאַרנייגט זיך און דערוועסערט זיך. עלישאַ, יעהושואַ אָפּ.)

ווײ געשריִען, פּנינאַ, פּנינאַ, ליבסטע מײַנע,
צי וועל איך געפינען דאָרט דעם קיווער דײַנעם?
האָסט געהאָפּט, געוואַרט אַלץ, איך זאָל צו דיר קומען,
אין די הענט באַם סוינע ביסטו אומגעקומען.
ווײ געשריִען, ליבסטע, ווײ געשריִען, פּנינאַ!
(עס קומען אָן פרויען, צווישן זיי ראָכל און ברוריאַ.)

### ראָכל (באַוויינענדיק).

טעכטער מײַנע, טעכטער, פאַרפּײַניקטע, פאַריאָגטע,
אומגעקומען זײַט איר, דורך קיינעם ניט באַקלאָגטע.
שוועסטער מײַנע, שוועסטער, אויף גאָר דער ערד צעזייטע,
הײַנט באַוויינט איר פּנינען, אויף טרערן וואַרט אַ צווייטע.
זויגקינדער בײַ מוטערס פון שויס אַרויסגעריסן,
אַ ברודער פון זײַן שוועסטער מער קיינמאָל וועט ניט וויסן.
קינדער מײַנע, קינדער, פאַרוואָגלט און פאַרלאָרן...
גאָט! אויף אונדזער סוינע זאָלסט אויסגיסן דײַן צאָרן...

### ברוריאַ.

כ׳וועל דיך, פּנינאַ, ניט באַוויינען, ניין.
מײַנע טרערן זעט ניט קיינער, ניין.
פון דעם צאָרן, וואָס אין הערצן ברענט,
מײַנע טרערן ווערן אויסגעטריקנט
איידער נאָך זיי קומען אויף דער וועלט...

### אוזיִעל.

צאָל אָפּ, באַר־קאָכבאַ, פאַר דויִרעס פאַרגאַנגענע,
צאָל אָפּ פאַר אַלע געפלאָגטע, געפאַנגענע,
צאָל אָפּ פאַר אַלע אין קנעכטשאַפט געבאָרענע,
צאָל אָפּ, באַר־קאָכבאַ, פאַר אַלץ.
(עס קומט אָן ראַבי אַקיבאַ.)



### באַר־קאָכבאַ.

ראַבי אַקיבאַ, ס׳איז דײַן סייכל, ווי דער הימל קלאָר,
דײַן האַרץ איז ריין און ביסט געבענטשט מיט לאַנגע יאָר,
האָסט מיט דײַן כאָכמע בערג צעשטויבט,
די טיף פון יאַם דו ווייסט...
ראַבי אַקיבאַ, כ׳פאָדער... כ׳מאָן בײַ דיר אַ טרייסט...

### אַקיבאַ.

דײַן ווײ איז טיפער פון דעם יאַם.
דײַן קראַפט איז שטאַרקער פון די בערג.
מיט לאַנגע יאָר בין איך געבענטשט,
נאָר איך בין אויך ניט מער דאָך, ווי אַ מענטש...

### באַר־קאָכבאַ.

דער צאַר, די פּײַן פאַרשטעלט האָט מיר די שײַן.
וואָס זעסטו, ראַבי?..

### אַקיבאַ.

ביז דאָס פאָלק אַ פאָלק וועט זײַן,
צווישן זײַנע העלדן וועסט פאַרעכנט זײַן,
מײַן קינד. און איצט שטיי אויף
און רוף
אַהער די מאַכנעס דײַנע,
און אַלע, וואָס אין שטאָט געבליבן זײַנען, —
פון קליין ביז גרויס.
קיין איינער זאָל ניט בלײַבן אין זײַן הויז, —
אַ כיירעם אויף מענאַשען רוף איך אויס,
און אויך אויף די, וואָס זײַנע אייצעס הערן, —
זיי אַלע זאָלן פון דעם פאָלק פאַרשניטן ווערן.
(באַר־קאָכבאַ גייט אָפּ אַ שטומען באַפעל אוזיִעלן. אוזיִעל און די פרויען אָפּ.
אַקיבאַ נאָך אַ קורצן שטילשווײַגן.)

כ׳האָב שטענדיק זיך באַרימט,
און שטענדיק כ׳פלעג מיט גרויסקײַט זאָגן:
כ׳האָב קיינמאָל נאָך קיין טויטשטראָף ניט אַרויסגעטראָגן,
קיין כיירעם ניט דערקלערט, און הײַנט בין איך צופרידן,
וואָס פאַרן טויט כ׳קאָן אויסראַמען דאָס בייז צווישן ייִדן.

## יִדישער שלאַכטמאַן

(קומט אָן און ווענדט זיך צו באַר־קאָכבאַן).

איך בין גאַנצפרי אַרויס די וועכטער בײַטן,
איך זע, ווי עליִעזער רוקט זיך פונדערווײַטן.
איך האָב אים גלײַך דערקענט.
כ׳האָב אים אַרײַנגעלאָזט אין שטאָט,
נאָר ניט אַרויסגעלאָזן פון די הענט.

באַר־קאָכבאַ.

פיר אים אַרײַן.

(שלאַכטמאַן אָפּ. עס קומען אָן הילעל, עלישא און יעהושוא.)

עלישא.

וואָס האָסטו, ראַבי, רופן אונדז געשיקט?
אין שלאַכט מיר גרייטן זיך...

אקיבא.

איר וועט באַלד גיין צוריק
צו אײַער שווערד און שפּיז, צום בויגן, צו דער פײַל.
נאָר כ׳וויל, אַז איר זאָלט אויסהערן דערווײַל...

(עס קומט אַרײַן עליִעזער, באַגלייט דורך אוזיִעלן און דעם שלאַכטמאַן.
ביסלעכווײַז קומען זיך צונויף די שלאַכטלײַט.)

אַן אַלטן גאָטספאָרכטיקן מאַן, וואָס איז מיט טוירע פול,
ווי פול דער מילגרוים איז מיט יאָדערס. נאָר זײַן שולד
איז גרויס מיט דעם, וואָס זײַן האָט ער געוואָלט
מיט יענע, וואָס פאַרגיסן בלוט פון אונדזער פאָלק.
ער איז באַנאַכט אַרויס פון שטאָט, אַוועק צום פײַנט.
עלישא, הילעל, יעהושוא, זײַט ריכטער הײַנט!

(זיי זעצן זיך אויס אין אַ האַלבן קרײַז.)

באַר־קאָכבאַ.

זעסט, עליִעזער, אָט די מענטשן אַלע וואָלט דער פײַנט געקעפּט,
און עליִעזער איז געווען באַם לייב אין מויל — און לעבט.

עלישא.

זאָג, וואָס האָסטו אים צוגעזאָגט דערפאַר?



עליִעזער.

מײַן קינד איז דאָרט...

באַר־קאָכבאַ.

געווען... ווו איז זי איצט?

עליִעזער.

ווען דו ביסט אַף איר אָרט,
עס וואָלט מײַן קינד געלעבט.

באַר־קאָכבאַ.

דו האָסט דײַן קינד פאַרשאָלטן דאָך...
מיט וואָס וועסטו פאַרענטפערן זיך נאָך?
דו האָסט דעם סוינע שטענדיק טרײַ געדינט,
דו האָסט אַליין געטויט דײַן קינד.

עלישא.

דו ביסט סעווערוס׳ רעכטע האַנט געוואָרן.

יעהושוא.

מיר האָבן צוליב דיר אַ סאַך, אַ סאַך פאַרלאָרן.

אקיבא.

וואָס האָסטו דאָרט געטאָן?

עליִעזער.

זיך אומגעשלעפּט
פון דאָרף צו דאָרף, פון שטאָט צו שטאָט,
געפּריידיקט גאָטס געבאָט,
און ניט מילכאָמע, — דאָס, וואָס דו האָסט טאָן באַדאַרפט,
און ניט געטאָן.

יעהושוא.

דו האָסט אַקעגן אונדז אַ שווערד געשאַרפט.

עלִיעזער.

עס לעבן ייִדן ניט נאָר דאָרטן, ווו באַר־קאָכבא הערשט,
די טוירע אונטערהאַלטן מוז מען אומעטום.
ניט אַלע קוקן אַף די זקיינים אַזוי קרום, —
פון דאָרטן קום איך ערשט.

עלישא.

זאָג, מענאַשענ האָסטו דאָרט געזען, באַגעגנט?

עלִיעזער.

געזען.

עלישא.

און ער פּלעגט אויך בא דיר נאָר דינים פרעגן?

עלִיעזער.

דער דין האָט זיך אַליין אַף מנאַשעס זײַט געשטעלט.

אקיבא.

דער בעסדן — ניט דער דין.

באַר־קאָכבא.

אויב מענאַשע אויך דעם דין געפעלט —
געפעלט מיר ניט דער דין.

(נעמט ארויס די שווערד.)

עלִיעזער.

אויב זאָגן האָסט אַזוינס געקענט, —
זאָל גאָט זי דיר ארויסשלאָגן פון דײַנע הענט.

(באַר־קאָכבא טוט זיך א ריס צו עלִיעזערן. אקיבא באַרויִקט באַר־קאָכבאַן.)

אקיבא.

די הענט דײַנע — זיי זאָלן בלײַבן ריין,
ער שטייט פאַרן געריכט...

(נאָך א קורצן ייִשעווואַדאַס מיט די ריכטער.)



עלישא.

מילכאָמע-צײַט ווער ס'טרעט ארויס אַנטקעגן
זײַן פאָלק, אַפילע צוליב גאָט צי צוליב זײַן טוירע װעגן,
זײַן שטראָף איז — טויט און דורך א שווערד!

(עס דערהערט זיך א בלאָזן פון שויפרעס. אקיבא טיילט זיך אָפּ באַזונדער.)

אקיבא.

אָרור!.. מענאַשע! זאָלסט פאַרשאָלטן זײַן,
אין לײַב און בלוט די קלאָלע זאָל ארײַן!
דײַן טיר זאָל פאַר דײַן פײַנט נאָר אָפן זײַן,
און שלאַנגען זאָלן אין דײַן שטוב ארײַן.
און אויך פאַר די, וואָס פאָלגן דיך, — זאָל אָט דער גוירל זײַן!

שטימען.

אָמיין, אָמיין.

(שויפרעס.)

אקיבא.

אָרור, מענאַשע!
דײַן גאָלד און זילבער זאָל פאַר פרעמדע זײַן,
דײַן שאָף און רינד זאָל פאַר די כײַעס זײַן.
דײַן נאָמען זאָל אין פאָלק א קלאָלע זײַן,
דער טויט זאָל טרעפן דיך, ווו דו וועסט זײַן! —

(ער קערט זיך אויס צו עלִיעזערן.)

אויך, עלִיעזער, דײַנער זאָל דער גוירל זײַן...

(א געדריקטע שטילקײַט.)

עלִיעזער (שרײַט אויס).

אקיבא!
דעם אַלטן עלִיעזערן אין כיירעם וואַרפסט ארײַן?!

אקיבא.

טויט זײַן שטראָף דאַרף זײַן!

שטימען.

אָמיין! אָ־אָ־מיין!

(שויפרעס. אלע די, וואָס זײַנען געשטאנענע ארום עליִעזערן, שיידן זיך האסטיק אָפּ פון אים. עליִעזער קערט זיך אויס און נעמט זיך דערווײַטערן. ווען עליִעזער גלײַכט זיך אויס מיט יויסין, פארדעקט יויסי דאָס פּנים מיטן ברעג פון קלייד. אפּ באר־קאָכבאס שטומען באַפעל באגלייטן צוויי שלאכטלײַט עליִעזערן פונדערווײַטנס.)

אקיבא

(ווײַזנדיק אפּן אוועקגייענדיקן עליִעזערן).

פארלאָרן גיין מוז דער, וואָס האָט דעם וועג צום פאָלק פארלאָרן,
ווער ס׳פּרוּווט זיך מיט דער האנט פארשטעלן פון זײַן שײַן:
ניטאָ קיין שטראָף קיין גרעסערע, ווי פונעם פאָלק דער צאָרן,
ניטאָ קיין גרעסער גליק — פון אים געליבט צו זײַן.

יויסי (דערנעענטערט זיך צו אקיבאן).

קרוין פון פאָלק! איך בין אפּ מנאשעס וועגן ניט געגאנגען,
אויך עליִעזער האָט מיך ניט געפאנגען
מיט זײַנע רייד. די אייצעס זײַנע האָב איך ניט געהערט,
נאָר פאָרט כ׳בין זינדיק און א שטראָף כ׳בין ווערט.
איך האָב באר־קאָכבאס גלײַכן וועג פארקרימט,
און וועלכע שטראָף איר ווילט — אפּ מיר באשטימט.
נאָר אויב דער וועג פון טשוווע איז פאר מיר נאָך אָפן,
איך בעט דיך מיט קיין כײרעם מיך ניט שטראָפן.
ווען ס׳גייט מײַן פאָלק אין שלאכט, איך קאָן ניט זײַן אליין.

(צו באר־קאָכבאן.)

דערלויב אויך מיר צוזאמען מיט עלישאן גיין.

באר־קאָכבא.

וועסט מוזן בלײַבן דאָ. וועסט זײַן מיט מיר...
ווײַל ס׳איז דײַן זינד נאָך ניט פארגעבן דיר.

אקיבא.

אויב ס׳גייען פון דער טיף די ווערטער, וואָס מיר הערן, —
זאָל עפּשער אים די זינד פארגעבן ווערן?

עלישא.

דאָס רעדט ניט יויסי — ס׳רעדט אין אים די שרעק,
ער זאָל ניט זײַן ווי דער, וואָס איז ניט לאנג אוועק.
ער וועט ניט איין מאָל נאָך א וואקל טאָן זיך אפּן וועג.



נאכמאָני (שרײַט אויס).

אוי, טוט א קוק — די זון אין וואָלקן איז ארײַן!
עס וועט א גרויסער רעגן זײַן!

(אלע הייבן אוף די קעפּ, עס טוט א קלאַפּ א דונער.)

אקיבא.

גיי, יויסי, גיי, מײַן קינד.
נעם אָן פאר ליב דײַן שטראָף,
וועסט מוזן אויסקויפן דײַן זינד.

(עס דערהערט זיך א טרומייט. יויסי פאלט אפּ דער ערד, טוט א קוש דעם זוים פון אקיבאס קלייד. שטייט אוף. יויסי און אקיבא צעגייען זיך אין פארשיידענע זײַטן.)

באר־קאָכבא.

די מאכנעס אײַערע מאכט גרייט!

יעהוישוא.

ערשטע מאכנע!

שטימען.

גרייט!

עלישא.

צווייטע מאכנע!

שטימען.

גרייט!

הילעל (צום קוסי).

און, קוסי, דו די פאָן וועסט נעמען.

קוסי

(נעמט און טוט א קוש די פאָן און זאָגט ווי מיט א שווּעָ).

איך האָב ביז הײַנט זי ניט פארשעמט
און וועל זי ווײַטער ניט פארשעמען!

(אָפּ. באר־קאָכבא אליין. עס קומט אָן נאכמאָני.)

נאכמאָני.

און איך גיי אויך. איך בין שוין אויסגעוואקסן.
איך גרייך, באר־קאָכבא, דיר שוין ביזן אקסל.

ביז הײַנט כ׳האָב שלאָגן זיך געהאָלפן יענעם —
שוין צײַט אליין זיך שלאָגן קענען.

באר-קאָכבא

(גיט אים אין די הענט א שווערד).

דו זאָלסט זי האלטן טײַער.

(נאכמאָני האלט די שווערד פאר ביידע עקן, ווי ער וואָלט בא איר געשווירן.)

נאכמאָני.

אין אָט דער שווערד ליגט אונדזער פרײַהײַט!

(באר־קאָכבא טוט א קוש נאכמאָנין. ער גייט אוועק דער לעצטער. עס ווערט פינצטער. פון א הייל פון אונטער דער ערד קריכט ארויס מענאשע.)

מענאשע.

פון אלע קרומע וועגן איז דער גלײַכסטער דער.
זיי זײַנען שוין אוועק. אנטאָניוס, — אהער!

(פון הייל קריכט ארויס אנטאָניוס, נאָך אים — נאָך רוימער. פון אלע זײַטן קומט אָן רוימיש מיליטער. אנטאָניוס גיט אָפּ א שטומען באפעל, און דאָס מיליטער פארשווינדט. אנטאָניוס — נאָך זיי. מענאשע באגעגנט זאגירן.)

מענאשע (שטארק פארוווּנדערט).

וואָס טוסטו דאָ, באם פײַנט?

זאגיר.

מיט גוטן ווילן
בין איך אהערצו זיכער ניט געקומען...

מענאשע.

שטילער...
ווּ איז באר־קאָכבא, ווייסטו ניט?

זאגיר.

אין שטאָט
איז ער ניטאָ.



מענאשע.

און ווער איז דאָ אָנשטאָט
באר־קאָכבאן?

זאגיר.

עפּעס יונגוואַרג. שרעקן זיך ניטאָ וואָס.
דער עלטערער איז דאָרט.

מענאשע.

זאָגסט עמעס, צי דו טרײַבסט קאטאָוועס?!
מיט פײַער שפּילסט.

(עס קומט אָן באר־קאָכבא.)

באר־קאָכבא.

א גאסט! דו ביסט אליין דאָ? ווער
האָט אָנגעוויזן דיר דעם וועג אהער?

מענאשע (אָנווײַזנדיק אפ זאגירן).

זי.

באר־קאָכבא.

דו לײַגסט. ביסט נאָך באם זינען צי דו ביסט שוין דול?
דו מיינסט, די מאָס פון דײַנע זינד איז נאָך ניט כול?!

(זאגיר אָפּ.)

מענאשע (דערשראָקן).

פרעגסט ווער?
געפירט האָט מיך אהער די שאנד,
וואָס כ׳בין געווען א שפּיל באם פײַנט אין האנט.
געבראכט האָט מיך דער גוטער ווילן דינען דיר,
אויב דו וועסט נאָר דאָס לעבן שענקען מיר.
דעם וועג איז מיר געוועזן גרינג געפינען:
כ׳טראָג דיר א לעבעדיקן גרוס פון פנינען.

**באר־קאָכבא** (אויסער זיך).

א לעבעדיקן גרוס פון דער, וואָס איז שוין טויט?!

(באר־קאָכבא דערשטעכט אים. מענאשע פאלט.)

ס'איז מיר א שאנד, וואָס ס'איז דײַן בלוט ווי מײַן בלוט רויט,
וואָס ס'האָט אמאָל א מוטער דיך געהאט, —
עס וועלן טויזנט טויטן ניט פארווישן דײַן פאראט...

**מענאשע** (אויסגייענדיק).

דאָס לעבן אויסשפּײַען איז מיר ניט שווער.
נאָר ווער...

(שטארבט).

**באר־קאָכבא.**

דאָס פאָלק!

(פון אלע זײַטן פליִען ארויס יידישע שלאכטלײַט, נאָך זיי מיט א דורכווייסיקער האנט פון פאנצערס — רוימיש מיליטער. עס קומט פאָר א געשלעג. עס קומט אָן אנטאָניוס. דאָס מיליטער בלײַבט ווי פארגליווערט.)

**אנטאָניוס**

(ווארפנדיק זיך מיט דער שווערד אף באר־קאָכבאן).

מײַן שווערד,
דעם קאָפּ פון אלע קנעכט האק אָפּ!

**באר־קאָכבא.**

א קנעכט, ווי נאָר ער נעמט די שווערד אין האנט,
ער ווערט אויס קנעכט.

(עס צעברענט זיך א געשלעג צווישן באר־קאָכבאן און אנטאָניוסן. צולעצט פאלט אנטאָניוס שווער פארוואונדעט.)

**אנטאָניוס.**

רוים! דו האָסט...

**באר־קאָכבא.**

אָנגעהויבן גוט, פארענדיקן וועסט שלעכט.



(אנטאָניוס שטארבט. פון ביידע זײַטן — דערהארגעטע. א רעגע איז באר־קאָכבא אף דער סצענע אליין. עס קומען אָן נאָך רוימער. באר־קאָכבא דערהארגעט איינעם, נעמט צו בא אים די שווערד און שלאָגט זיך מיט צוויי שווערדן. באר־קאָכבא ווערט פארוואונדעט. עס קומען אָן מאכנעס יידישע שלאכטלײַט. אוזיעל ברענגט אף די הענט, א טויטן, נאכמאָנין, לייגט אים אוועק פאר באר־קאָכבאן.)

**אוזיעל.**

מײַן גאָט! צי דען האָסטו די פרייד מיר ניט פארגינט,
האָסט ניט פארהיט מײַן קינד!

**באר־קאָכבא.**

ניט וויין! דײַן קינד אונדז אלעמען געהערט!

(באר־קאָכבא בייגט זיך אָן, טוט א קוש נאכמאָנין.)

ווײַל וועמען שטארבן ס'איז באשערט
פאר פרײַהײַט פון זײַן פאָלק — בלײַבט לעבן שטענדיק.

(עס דערהערט זיך א טרומייט.)

אין שלאכט! אין שלאכט! די שלאכט איז ניט פארענדיקט!

פאָרהאנג.

Редактор М. Вянер
Техредактор А. Фридкин
Корректор З. Глобус

Сдано в набор 2/II 1939 г. Подписано к печати 28/V 1939 года
Формат бумаги $58 \times 88^{1}/_{16}$, 8 п. л.
уч. изд. лист. 8
Уполномоченный Главлита РСФСР
А-12363. „Дер Эмес“ № 199.
Тираж 3000. Зкказ 396

Цена 4 руб. Переплет 1 руб. 50 к.

---

17-я тип. нац. книги Огиза РСФСР, треста „Полиграфкнига“, Москва
Шлюзовая наб., д. 10